שניאור וואסערמאן

# ווינטער-בלומען



אַרויסגעגעבן פון קולטור־פאָנד שפרה סטאַראָשעווסקי
אין מאָנטעווידעאָ
ביי דער מיטהילף פון קולטור־צענטער
„רינגעלבלום־וואַרשע“ אין בוענאָס־איירעס
בוענאָס־איירעס 1976

# אַ פּאָר ווינטערדיקע ווערטער פון מחבר

אין די אויסצוגן פון די אָפּשאַצונגען איבער מײַנע ביז־איצטדערשיינענע 6 לידער־ביכער, וועלן די לייענערס (און איך האָף, אַז אַזעלכע זענען נאָך דאָ...) באַמערקן, אַז די מיינסטע אָפּשאַצערס האָבן זיך פאַררופן אויף דער י׳ נ ג ש אַ פ ט פון מחבר. מײַן איצטיק בוך: „ווינטער־בלומען", איז, נישט לויטן נאָמען און נישט לויטן אינהאַלט פון די מיינסטע לידער אין בוך — געוואַקסן אויף פרילינגס־בייטן...

די געליבטע י׳ נ ג ש אַ פ ט איז אַן איבערגעמישט בלעטל אין מײַן טאָגבוך.

מײַנע לידער אין די „ווינטער־בלומען" זענען אין זייער גרעסטן טייל געשריבן געוואָרן אין מײַנע ווינטער־טעג — אין דעם 75סטן זונקרײַז מײַנעם.

זיי צייכענען דעם פּראָפיל פון עלטער. איך זאָג: פ ו ן ע ל ט ע ר און נישט פ ו ן אַ ל ט ק יי ט, ווײַל נישט געקוקט אויף מײַן יאָרן־קאַלענדאַר — איז נאָך דער זומער אין מיר נישט אַראָפּ פון זײַן קאַמפּס־אַרענע קעגן ווינטער...

אַלע באַרוישונגען פון יינגשאַפט נעסטן נאָך אונטער מײַנע סטרעכעס... צווישן די אײַז־צאַפּנס, וואָס קרישטאָלן זיך אַראָפּ פון אַלטן דאַך.

דאָך באַוועלטיקן דעם מחבר פון די „ווינטער בלומען" זייער אָפט קריאַת־שמע־שטימונגען. באַזונדערס, ווען דער ווינטער נעמט פויקן צודרינגלעכער מיט זײַנע שטײַפע, פראָסטיקע פינגער אין מײַן שויב...

אַזעלכע אָנזאָגן ווערן אַלץ אָפטער, אײַנגעשפּאַרטער און זיי ברענגען מיט זיך חשבון־הנפש־געדאַנקען.

ס׳הינקען אַרײַן אין געמיט קרומקייטן, וואָס זענען קעגן מיר באַגאַנגען געוואָרן פון זינט מײַן זיכרון דינט מיר. ערגער אָבער פאַרפאָלגן יענע קרומקייטן, וואָס איך בין קעגן מיר אַליין און קעגן אַנדערע באַגאַנגען — אַפילו בלאָ־יודעים.

אין אַזעלכע נעכט דערפיל איך ממש דעם ברי פון הייסן אַש צוקאָפּנס — דאָס איינציקע „רעאַלע" אַש — פון מײַנע נאָענטע און פון אַלע פאַר־אַשטע, וואָס שאָטנס לייגן אַרונטער אונטער מײַן קישן שטומערהייט... עס דריקט אַ שולד־געפיל פאַר נישט געהערן צום אַש, וואָס בלאָנקעט און וועט אייביק אַרומבלאָנקען אין פאַרטונקלען די רוימען.

פאַפיר און בלײַער, וואָס זענען אָנגעגרייט בײַ דער האַנט, דאָס אָנגעצונדענע נאַכטלעמפּל העלפן פאַרטרײַבן די שאָטנס, פאַרקירצן די נאַכט און פאַרמערן די ווינטער־בלומען.

מערן זיך די ווינטער־בלומען... זיי זענען דאָך נישט די איינציקע אין איצטיקן בוך און אויך נישט די מערהייט. זיי — די ווינטער־בלומען — זענען אָבער די כאַראַקטעריסטישסטע פאַרן דאָזיקן בוך און פאַר מײַנע לידער בכלל אין די לעצטע יאָרן.

איך באַטראַכט עס פאַר נאַטירלעך, ווי נאַטירלעך ס'איז די עלטער און מיט דער עלטער — דאָס אַרײַנקוקן אין אייגענעם געמיט.

דאָס זענען די עשׂרת־ימי־תּשובֿה פון מענטשן צו וועלכע דער דיכטער זאָגט זײַנע אייגענע סליחות...

אויף וויפל יעדער מענטש וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, בפרט אויף דער עלטער, וויל דאָס אַ דיכטער אַוודאי. דער שרײַבער ווערט דערהערט דורך לייענער. די לייענערס אָבער פון יידישן שרײַבער און אַוודאי פון יידישן דיכטער — דערגייען שוין באַלד צו נול. די סיבות זענען גוט־באַקאַנט. וואָלט מיר דערווײַל נישט אײַנגעפאַלן מײַנע סליחה־תּפילות אַרויסצוגעבן אין אַ זאַמלונג, אין אַ בוך, ווען נישט אַ זייער סטימולירנ־דיקער פאַל:

מײַן פרײַנד, שלום סטאַראָשעווסקי, אין מאָנטעווידעאָ, וועלכער האָט געשאַפן אַ קולטור־פאָנד אויפן נאָמען פון זײַן יונג־פאַרשטאָרבענער טאָכטער, שפרה ע"ה, האָט מיך איבערראַשט מיט אַ בריוו, אַז ער איז גרייט דעם פאָנד פון דעם יאָר צוטיילן אויף אַרויסצוגעבן מײַנס אַ בוך.

איז דאָס פאַר מיר געווען, נישט בלויז די מאַטעריעלע באַזע פאַרן בוך, נאָר אויך אַ מאָראַלישער סטימול, וואָס לאָזט זיך נישט אויסמעסטן אין געלט און נישט אָפּדאַנקען אין ווערטער.

נעך איך אוים מיט צופרידנקייט דעם בכבֿודיקן „שפרה סטאַראָשעווסקי־פאָנד", און איך שטעל זיך פאַרן מישפּט פון לייענער מיט מײַן זיבעטן לידער־בוך, מיט מײַנע „ווינטער־בלומען".

# אויסצוגן פון פאַרשידענע שרײַבערס וועגן שניאור וואַסערמאַנס לידער אין די יאָרן 1974 — 1936

אַברהם רייזען

## „די פעדער", 1937

...ש. וואַסערמאַן, וואָס פאַרעפנטלעכט זײַנע לידער פאַר קינדער אין דער אַרגענטינער טעגלעכער צײַטונג „די פרעסע", איז הויך באַגאַבט. וואַסערמאַנס לידער זענען פאַר קינדער אַן אמתע פרייד.

* * *

וואַסערמאַן איז אַ טאַלאַנטפולער פּאָעט און איינער פון די שענסטע שאַפער פונעם ליד פאַרן יידישן קינד.

יעקב זרובבל

## „דאָס אַרבעטער־פּאַלעסטינע" 1936

...ש. וואַסערמאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער און וועט דערמיט פאַרפעסטיקן זײַן נאָמען, וואָס איז אַזוי באַקאַנט און באַרימט געוואָרן בײַ די יידישע קינדער. זײַנע לידער ווערן געשמאַק געזונגען. פאַראַן אין זיי נאַטירלעכער ריטעם און קינדערשע פאַנטאַזיע פון וועלכער עס טויכט אויף אַ רעאַלע ווירקלעכקייט פון אָרעמען יידישן קינד.

נח גריס

## ביאַליסטאָקער „אונדזער לעבן", 1936, וועגן קינדער־בוך „קינד און קייט"

וואַסערמאַן איז אַ קינד. עס אָטעמט פון זײַנע לידער מיט פרישקייט, עס שפּרודלט מיט הומאָר און עספּרי. אין ים פון זײַן פאַנטאַזיע לעבן אויף געשעעניש רעאַלע,ווירקלעכע, נאָר געזען דורך אַ קינד.

וואַסערמאַן זעט אַלץ וואָס אַ קינד זעט, נאָר ער איז אַ קלוג קינד, אים נאַרט מען נישט.

מיר דאַכט זיך, אַז די העכסטע מדרגה פון ליריזם און באַהאַלטענע צאַרטקייט האָט ער דערגרייכט אין „אַ ברייטעלע".

עס איז אַ בוך פאַר אַלע: קינדער, עלטערן, לערערס, אַרבעטער און אינטעליגענץ.

העלענאַ כאַצקעלעס

## באַרימטע פּעדאַגאָגין און שרײַבערין, געלעבט אין ליטע, שרײַבט אין „קאָוונער פאָלקסבלאַט" וועגן בוך „שוועלבעלעך", אין 1939

דאָס בוך „שוועלבעלעך" וועט אַלעמען פאַרשאַפן פאַרגעניגן: די קינדער, די לערערס און די עלטערן.

וועגן וואָס שרײַבט וואַסערמאַן אין זײַנע לידער? וועגן פרימאָרגן, וועגן זונפאַרגאַנג, וועגן רעגן, וועגן ווינט, וועגן ווינטער — דאַכט זיך אַלץ אַזוינע באַקאַנטע דערשײַנונגען. אָבער ווער פון אונדז קען אַזוי דערציילן, אָדער ריכטיקער — באַזינגען, די זון, פרימאָרגן, די וועלט נאָך אַ רעגן, מיר זאָלן מיט אַ מאָל דערזען די זון אַפילו אין אַ נעפּלדיקן טאָג, דערפרייען זיך מיטן פרימאָרגן בײַנאַכט, זען פאַר אונדזערע אויגן ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ אין ים, כאָטש בײַ אונדז איז גאָר קיין ים נישטאָ?

דאָס קען נאָר אַ פּאָעט געפינען אַזוינע שיינע ווערטער, וואָס זאָלן קלינגען אין אונדזערע אויערן ווי מוזיק און פאַר די אויגן זאָלן מיר זען בילדער.

די קינדער פון די קאָוונער שולן קענען דאָס בוך פון שניאור וואַסערמאַן קריגן אין לעזע־זאַל, אויף ראַקושאָס גאַס נר' 24.

אויב זיי וועלן דאָס בוך האַלטן זויבער, וועט זיי די ביבליאָטע־קאַרין געוויס דערלויבן איבערצושרײַבן לידער, וואָס וועלן זיי באַזונדערס געפעלן. די קינדער פון אַנדערע שטעט קענען בעטן מען זאָל זיי דאָס בוך אויסשרײַבן.

ד״ר זשיטניצקי

## וועגן בוך „קינד און קייט" — „די פּרעסע" יוני 1936

פון דעם סאָציאַלן ווערט בײַ ש. וואַסערמאַן — שפּיל און דורך שפּיל ווערט אַרויסגעבראַכט דאָס סאָציאַלע.

* * *

שניאור וואַסערמאַנס קינדער־ליד איז זינגעוודיק און שפּילעוודיק און אינעם עיקר פירט ער דאָס קינד אויפן שויס פון דער נאַטור. ס'איז אַפילו אַ קאָנטראַסט צו דעם שטאָטישן פּייסאַזש, אָבער ש. וואַסערמאַן זאָל ווי וועלן באַפרײַען דאָס קינד פון דער שטאָט־שפּאַנונג און עס ליבער אַרײַנפירן אינעםווירקונגס־קרײַז פון ריינע נאַטור־עמאָציעס — און ש. וואַסערמאַן האָט נישט בלויז חוש פאַר בילדערישן פּייסאַזש, נאָר ער ווירקט אויך מיט צוטרוי.

בצלאל פרידמאַן

## לערער און דיכטער, ניו־יאָרק 1936

. . . וואַסערמאַן טראָגט זיך איבער דער קינדער־וועלט ווי אויפגעריסענע קריעס איבער צעעפנטע טײַכן... זײַן אָנקום אין אונדזער ליטעראַטור איז אַ גרויסער געווינס פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול. זײַן טעמאַטיק און דער ליכטיקער אופן אויף וועלכן ער באַאַרבעט זײַן טעמאַטיק, איז קינסטלעריש און קינדיש.

„מאָרגנצייטונג״

## וועגן בוך „שוועלבעלעך״, 1938

... אַפילו די נאַטור שפּילט בײַ וואַסערמאַנען און די זון, דער רעגן, דער ווינט לאָזן זיך מיט די קינדער אין אַ קאַראַהאַד און גייען אַ טאַנץ אין אַ טאַנץ פול מיט אויפריכטיקער און העלער קינדערשער פרייד.

און ווען אַפילו עס רײַסט זיך דורך אַ טרויער טאָן, איז עס ווי אַ שטילע פּערלדיקע טרער אויף אַ שמייכלדיק קינדעריש געזיכט.

גרשון סאַפּאַזשניקאָוו

## „אין גאַנג״ נר׳ 30

...שפּילעוודיק, ריטמיש און פריש, קלינגען די לידער פון „קינד־און־קייט״, אָבער נישט זאָרגלאָז. ווײַל נישט פרײַ פון זאָרג זענען די יונגע קעפּעלעך, וואָס וועלן אין „קינד־און־קייט״ אַרײַנקוקן. דאָס זענען לידער פון דער צײַט און פאַרוואָרצלט אין דעם באָדן פון דעם אָרט. און וואַסערמאַן האָט געפיל פאַר סאָציאַלער היינטצײַטיקייט. דעריבער פילט זיך אין זײַנע לידער דער באָדן פון אַרגענטינע און דער גײַסט פון דער אַרבעטער־סביבה, פון וועלכער ער שטאַמט און פאַר וועלכער ער שאַפט.

**מיט 30 יאָר שפּעטער (אין 1966) שרײַבט דער זעלביקער עסייִסט, גרשון סאַפּאַזשניקאָוו, אין „אונדזער וואָרט״:**

... שניאור וואַסערמאַן האָט זיך קונה־שם געווען מיט זײַנע קינדער־לידער, וועלכע זענען אײַנגעזאַמלט געוואָרן אין 3 ביכער, וועלכע ווערן געלייענט און געזונגען אין די ייִדישע שולן — און דאָס איז אַ מדרגה. זײַן ליד דריקט אויס די תמימותדיקע וועלט פון דער קינדערישער פאַנטאַסטיק און זײַן פערז איז לײַכט און מוזיקאַליש. און אָט־דער מוזיקאַלישער ריטעם פון פערז, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט פאַנטאַסטישע אימאַזשן, האָט געפונען דעם אַדעקוואַטן אויסדרוק פאַר דער פאַנטאַסטיק פון דער אַרגענטינער נאַטור און דעם בראשיתדיקן געזאַנג פון אירע סטיכישע אור־עלעמענטן.

וואַסערמאַנס פּייסאַזשן פון אַרגענטינער צפון, פון טשילע, בראַזיל און פון די אַנדן, פירן אַרײַן אין דער צויבער־וועלט פון די

אַמעריקאַנער לענדער און ווײַזן אויך די לעבנס־רעאַליטעט פון די אַמעריקאַנער פעלקער. די אַרגענטינער ייִדישע דיכטונג האָט אַן אָפּן אויג פאַר דער נאַטור־שײנקײט און אויך אַן אָפן האַרץ פאַר די ליידן פון מענטשן.

פיניע קאַץ

## פון זײַן אַרײַנפיר צום קינדער־בוך „דאָבעלע“, בוענאָס־אײַרעס 1946

... שניאור וואַסערמאַן, אײנער פון אונדזערע קינדער־דיכטער, אַ טאַטע און אַ געווועזענער לערער, אַ דיכטער בכלל, וואָס נעמט נאָענט צום האַרצן די ייִדיש־וועלטלעכע שול און די דערציִונג פונעם ייִדישן קינד, קולטיווירט מיט פרעפערענץ אָט־די אידעען־באַזע אין זײַנע קינדער־לידער, פון וועלכע 2 ביכער זענען שוין דערשינען און זײ פיגורירן אין אַלע ייִדישע כרעסטאָמאַטיעס, אין די היגע ווי אין די אַמעריקאַנישע און פאַרנעמען אַן אָרט אין די פּראָגראַמען פאַר שפּראַך און ליטעראַטור־לימוד אין אונדזערע שולן.

משה־דוד גיסער

## „דאָס ייִדישע וואָרט, טשילע 1946

... ווי אַן אמת פאַרליבטער אין אויסטערלישע זאַכן, גיט זיך וואַסערמאַן איבער צו זײַנע לידער. יעדער נײַ ליד לעבט, ווי אײַנגעפּרעסט אין זײַן נשמה. ער צערטלט עס מיט אַלע ליבשאַפטן און ניואַנסן פון זײַן שפּראַך. און מיר זעען באַשײַנפּערלעך ווי אין דער מחשבה פילט ער אַרום זיך דעם גאַנצן עולם קלײנוואַרג, וואָס האָבן אַזוי ליב די האַרציקע און שײנע לידער זײַנע.

יעקב פילאָווסקי

## (טשילע 1947)

... מיטן רעכטן פוס אין דער ייִדישער קינדער־דיכטונג איז בײַ אונדז אַרײַנגעטרעטן ש. וואַסערמאַן.

דורך ליד און געזאַנג ווירקט וואַסערמאַן אויף זײַנע לייענער דערציִעריש אַ סך מערער און בעסער, ווי אַנדערע דורך טויזנטער מוסר־דרשות.

מימי פּינזאָן

## ווענן בוך „דאַבעלע" 1946

... געמיט, הומאָר און זינגעוודיקייט — געפינען מיר אין אַט־די לידער, וואָס ש. וואַסערמאַן האָט איצט אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „דאַבעלע".

ש. וואַסערמאַנס געמיט אין זײַנע קינדער־לידער איז פון יענעם סאָרט, וואָס רופט אַרויס צוטרוי בײַם קינד, וואָס לייענט אים.

**מיט 27 יאָר שפּעטער, אין 1973, שרײַבט מימי פּינזאָן ווענן בוך (נישט פאַר קינדער) „פון מײַן ליב־און־לעבן", די ווײַטערדיקע שורות:**

... מאָדנע: פאַר וואָס קומט אונטער דער פען כסדר דאָס וואָרט יונגשאַפט, ווען עס רעדט זיך דאָ ווענן אַ מענטשן, וואָס צײַלט — מען מעג דאָך אויסזאָגן — דעם זיבעטן צענדליק?... און דאָך איז פאַראַן אַט־די יונגשאַפט, אַן עכטע, נישט קיין געקינצלטע, נישט קיין אָנגרײַפערישע, נאָר אַ רויִקע, אַ געמיטלעכע, וואָס באַשײַנט יעדער פון זײַנע לידער, וואָס גיסט זיי אָן מיט זוניקער באַהעלטקייט, אַפילו ווען זיי דערציילן אונדז פון אָרעמקייט, פון נויט, פון הונגער.

ליריק — דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישסטער שטריך פאַר וואַסערמאַנס קינדער־לידער. פאַראַן לידער, ווו די לירישע שלימות דערגרייכט צו די סאַמע פּאָעטישסטע אימאַזשן.

פּ. סאַנדלער

## „מאָרגן פרײַהײַט", ניו־יאָרק 1946

... וואַסערמאַן קען דאָס קינד, זײַנע געפילן, זײַן פאַנטאַזיע, אַלע זיבן חנען און קאַפּריזן. זײַן גרויסער טאַלאַנט אַלס קינדער־דיכטער איז אַ גליק פאַרן ייִדישן קינד, פאַר דער ייִדישער שול, פאַר דער מאָדערנער ייִדישער דערציִונג, נישט נאָר אין אַרגענטינע, נאָר אומעטום איבער דער גאָרער וועלט.

שלום שטערן

## באַקאַנטער פּאָעט און עסייִסט, אין קאַנאַדע, שרײַבט וועגן בוך „דאָבעלע״ אין „קאַנאַדער יידישן וואָכנבלאַט״, 1947

... אַזעלכע אמתע מײַסטער־פּאָעטן, וואָס זינגען פֿאַר קינדער, זענען בײַ אונדז מאַני לייב, לייב קוויטקאָ און טײַלוויַז קאַדיע מאָ־לאַדאָווסקי.

אָט די פּאָעטן, ווייסן מיר, זענען געוואָרן זינגער פֿון דער קינ־דערשער נשמה און נישט בלויז זייערע באַזינגער. צו אָט־די עכטע קינדער־דיכטער געהערט אויך שניאור וואַסערמאַן פֿון אַרגענטינע. זײַנע לידער פֿאַר קינדער זענען שוין לאַנג געוואָרן דאָס עשירות פֿון דער יידישער שול אומעטום. זײַנע קינדער־לידער ווערן געלערנט, דעקלאַמירט און געזונגען אין כמעט אַלע יידישע שולן, ווו נאָר יידיש ווערט געלערנט. ער האָט געבראַכט פֿאַר די יידישע קינדער די פֿרייד פֿון זײַנע „יונגע בוימער״, קינדערשע פּנימער צופלאַמען זיך, ווען זיי זינגען דאָס דאָזיקע פּרעכטיקע קינדער־ליד.

זישע ווײַנפּער

## „יידישע קולטור״, ניו־יאָרק 1947

... שניאור וואַסערמאַן פֿאַרמאָגט אַ גרינגן מוזיקאַלישן פֿערז, וואָס איז ערטערווײַז געווירצט מיט אַ גוטמוטיקן פֿאָלקס־הומאָר. די פּשטות און די תוכיקייט פֿון זײַנע פֿערזן זענען אין דער גוטער פֿאָלקס־טראַדיציע.

קינדעריש געמיט מיט קלאָרן שכל און דערוואַקסענע דערפֿאַ־רונג, איז דאָס ליד, נישט נאָר פֿאַר קליין, נאָר אויך פֿאַר גרויס.

ש. מיצמאַכער

## וועגן בוך „ליד און לעבן״, קאַנאַדע 1952

... פֿון אַלע לעצטנס־דערשינענע לידער־ביכער טיילן זיך אויס וואַסערמאַנס לידער, ווי אַזעלכע, וואָס פֿירן אונדז אַרײַן אין אַ וועלט

פון שטימונגען, כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענטשן פון אונדזער אומרויקער צײַט.

דורכלייענענדיק דאָס בוך „ליד און לעבן", פאַרמאַכט מען עס מיט אַ געפיל, אַז די צײַט, וואָס מ'האָט פאַר דעם אָפּגעגעבן, האָט מען פאַרבראַכט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט וואָס צו זאָגן און ווייסט ווי צו זאָגן עס דיכטעריש.

שמואל ראָזשאַנסקי

## („די יידישע צײַטונג", 1972)

... שניאור וואַסערמאַן, וועלכער איז נאָר־וואָס דאָפּלט באַערט געוואָרן צום דערשײַנען פון זײַן נײַעם בוך לידער, „פון מײַן לײַב און לעבן", איז אַ גרויסער בר־מזל צו קאָמפּאָזיטאָרן. נישט בלויז נאָטן־קענערס כאַפּן זיך צו זײַנע לידער צו קאָמפּאָנירן ניגונים, נאָר אַפילו אַמאַטאָרן, וועלכע זענען נישט קיין מוזיק־קענערס, האָבן אויך נישט צו איין ליד געשאַפן מוזיק, וואָס זיי אַליין קענען נישט איבער־לייענען, כאָטש זייערע לידער ווערן געזונגען. אַזאַ ניגונים־שאַפער איז געווען אליהו קאַנטאָר, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ רײַכן חוש פאַר מעלאָדיעס, וואָס ער האָט צוגעקליבן פאַר לידער. און דווקא פאַר לידער פון זייער גוטע פּאָעטן.

יוסף האָרן

## אין „די יידישע צײַטונג", 1972, וועגן בוך „פון מײַן לײַב און לעבן"

... „פון מײַן לײַב און לעבן" איז שוין דאָס זעקסטע בוך פון דיכטער שניאור וואַסערמאַן דערשינען אין בוענאָס־איירעס.

שניאור וואַסערמאַן איז אַהער געקומען פון זײַן היימשטאָט כעלעם בעת ער איז אין די אָנהייב צוואַנציקער.

ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט, נישט בלויז דיכטערישע שפּי־רונגען, נאָר ער האָט שוין אויך געפירט מיט זיך אַ העפט מיט לידער, וואָס ער האָט געהאַט געשריבן אין דער אַלטער היים.

פאַליק לערנער

## (וועגן בוך „פון מײַן לײַב און לעבן", „די פּרעסע" 1973)

... די לידער זענען עכט. אָנהייבנדיק פון דער עפּישער אויטאָ־ביאָגראַפישער פּאָעמע „וואָרצלען", וואָס פאַרנעמט 38 זײַטן פונעם בוך, ביז צו די לירישע לידער „נאָך דײַנע טריט" און די קינדער לידער „זיידע" (פון מײַן קינדער־וועלט), אָדער „כנרת" (געווידמעט ישראל) און „שניט", וואָס איז אַ מין לירישער סך־הכל פון איינעם, וואָס איז שוין מתפּלל זײַן „מעריב־תּפילה" און וואָס בעט בײַם „גאָט פון געזאַנג", אַז ער זאָל אים שענקען „בלויז איין קלאַנג", אָדער „איין וואָרט", וואָס זאָל נישט לאָזן פאַרלוירן גיין זײַן געדעכעניש, „ווען שטויב וועט מײַן לײַב פאַרדעקן" — האָבן מיר פאַר זיך אַן אַנטאָלאָגיע פון לידער, אַ פּאָעטישע סימפאָניע פון פאַרשידענע טענער, פאַרשידענע ניואַנסן און פאַרשידענע בילדערישע אימאַזשן, דאָרט ווו זיי שילדערן אַ מענטש, אַ געשטאַלט אָדער אַ לאַנדשאַפט.

אַ באַזונדער חשובן פּלאַץ אין דער יידישער פּאָעזיע פאַרנעמט וואַסערמאַן דער דיכטער פון קינדער־לידער. אויף דעם געביט האָט ער אין מאַנכע פאַלן דערגרייכט אַ מדרגה פון שלימות, וואָס איז אויפריכטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער ליטעראַטור־קריטיק און — דער עיקר — פון יענע קרײַזן צו וועמען עס אַפּעלירן די קינדער־פּאָעזיע, ווי לערערס, דערציִערס, מוזיקערס און דאָס יידישע קינד גופא.

„פון מײַן לײַב און לעבן" פון שניאור וואַסערמאַן, איז אָן שום ספק אַ באַדײַטנדיקער צושטײַער צום אוצר פון אונדזער פּאָעטישן וואָרט, פון איינעם, וואָס האָט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט געשאַפן אויפן באָדן פון אונדזער ישוב און געזען די מענטשלעכע און די יידישע דראַמע אין איר גאַנצער ברייטקייט און טיפקייט און זי אַרויסגעבראַכט אין עכטע לידער.

שלום סטאַראָשעווסקי

## (מאָנטעווידעאָ, „הײַנט", 1973)

... איך האָב שטאַרק הנאה, ווען איך לייען און פאַרשטיי זייער גוט, וואָס דער דיכטער וויל זאָגן, ווײַל כ׳האָב ליב צימצומדיקייט און פּאָעזיע איז בתוך — צימצומדיק.

אַזאַ הנאה האָב איך געהאַט בײַם איבערלייענען שניאור וואַסער־מאַנס נײַ־דערשינען בוך: „פון מײַן לײַב און לעבן", וועלכס איז טאַקע אין דער מערהייט לידער אויטאָביאָגראַפיש, אָבער אין סך־הכל איז עס אַ חשבון פון דורות און עפּאָכעס, וואָס מיר אַליין האָבן זיי נאָך דורכגעלעבט, אָבער אומפאַרשטענדלעך און נישט צום גלייבן פאַר אונדזערע קינדער און אייניקלעך, סײַדן זיי וועלן זוכן צו באַקענען דאָס דורך דער יִדישער ליטעראַטור.

חיים וואַרזאַגער

## דירעקטאָר פון דער „שלום עליכם"־שול אין מאָנטע־ווידעאָ, שרײַבער, „הײַנט", 1965

... באַקאַנט איז ש. וואַסערמאַן ווי אַ קינדער־דיכטער בחסד עליון.

ער איז אָבער נישט בלויז קיין קינדער־דיכטער; זיינע שאַפונ־גען גרײַכן אויך צום אויער, צום האַרץ און צום מוח פון גרויסע און ווערן באַלד נאָענט און היימיש.

זיי ווערן געזונגען און דעקלאַמירט אויף אַקטן און פאָלקס־ימים־טובים.

ישראל עמיאָט

## (וועגן בוך „פון מײַן לײַב און לעבן", „פאָרווערטס" 1973)

... כ'האָב געלייענט און געלייענט מיט פאַרגעניגן די אויסגע־צייכנטע שורות פון דער סעריע „וואָרצלען" וועגן דער מאַמען (די בעסטע לידער זײַנע).

ווערן אונדז היימיש און ליב' זײַנע איבעריקע לידער אין דער זאַמלונג, פאָלקסטימלעך, אויפריכטיק און קלאָר.

מיר געפעלן דייער שניאור וואַסערמאַנס קינדער־לידער. דאָס וואָס אַ לאַנג־יאָריקער לערער קען בעסער דעם קינדס נשמה, דאָס איז נישט קיין נײַעס — און שניאור וואַסערמאַן איז דאָס געווען, אָבער אַז מען איז דערצו אַ גוטער פּאָעט, זענען די קינדער־לידער נישט סתם קלינגענדיקע פערזן, נאָר פול מיט בילדער, ווי דאָס שײנע ליד „פּאָרט אַ באַן".

חיים פינקעלשטיין

## (פון זײַן פאָרוואָרט צום בוך: „צום מענטש", בוענאָס־אײַרעס 1962)

... ווען איך טראַכט וועגן שניאור וואַסערמאַן, האָב איך שטענ־דיק דאָס געפיל, אַז ער געהער צו דער קאַטעגאָריע דיכטער בײַ וועמען עס זינגט זיך אַליין. איך ווייס נישט צי ער קען מוזיק, אָדער נישט. אָבער מיר איז קלאָר, אַז ער פאַרמאָגט די מוזיק אין זיך און די מוזיק פירט אים און דיקטירט אים אַלע זײַנע שאַפונגען.

געוויינטלעך ווערט פריער געשאַפן דאָס ליד און דערנאָך די מוזיק. בײַ וואַסערמאַנען איז פאַרקערט: פריער קומט די מוזיק און אין פראָצעס פון איר אויסקלאַנג פילט ער זי אָן מיטן אינהאַלט פון וואָרט.

וואַסערמאַנס לידער זינגען זיך אַליין, ווי עס זינגט די נאַטור; ווי עס זינגט דאָס האַרץ ווען עס איז איבערגעלאָדן מיט פרייד; ווי עס זינגט דער ווינט, באַגלייט פון די זאַנגען אין פעלד, אָדער דער ים אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

וואַסערמאַנס טעמאַטיק איז אַ פאַרשידנאַרטיקע, סײַ אין זײַנע פריערדיקע פיר ביכער און סײַ אין דעם איצטיקן.

פאַראַן אין זײַנע לידער שטריכן, וואָס גייען דורך, ווי אַ לייט־מאָטיוו דורך אַלע זײַנע שאַפונגען. **דאָס איז זײַן פאַרערונג פאַר זײַן מאַיעסטעט — דעם מענטש.**

שלמה וואָרזאָגער

## („ישראל־שטימע", 1973)

... ש. וואַסערמאַנס נײַ בוך „פון מײַן לײַב און לעבן". זײַן פשוטע שורה, דאָס געוויינטלעכע וואָרט, וואָס איז אָפט גענומען פון דער גערעדטער שפּראַך, איז אַזוי אײַנקאָנסטעלירט אין פערז, אין ליד, אַז עס שאַפט אייגענעם שפּראַך־קלימאַט. קאָמפּאָזיציאָנעלע האַר־מאָניע. עס ווערט דאָס לעבן פון ליד.

יאָ, אַן אויטאָביאָגראַפישע בוך. אָבער דאָס אויטאָביאָגראַפישע בײַ ש. וואַסערמאַנען איז נאָר דער קערן, די יאָדער.

דערפאַר זענען די פּירות — דאָס עפּיש־דערציילערישע און זײַן שירה — דער שיינער, צעוואַקסענער בוים. אַ בוים אין אַן אייגענעם ווײַנגאָרטן.

יעקב גלאַטשטיין

## („יידישער קעמפּער“, ניו־יאָרק 1962)

דעם אמתן בייטראַג פון פּאָעט שניאור וואַסערמאַן געפינען מיר אין דער סעריע, וואָס הייסט „וואָרצלען“, וואָס איז אין גאַנצן אַ קייט פון אויטאָביאָגראַפישע לידער. די לידער זענען געשריבן מיט וואָרצל־דיקע רייד און אין אַלט־געמאַסטענעם פערז, וואָס האָט דעם אַראָמאַט און פרישקייט פון פריש־געשניטענעם היי, אָדער גאָר פון פריש־געבאַקענעם ברויט.

די לידער אין דער אויטאָביאָגראַפישער סעריע זענען קרעפטיקע שילדערונגען און זיי דערמאָנען אין דיכטערישן כוח פון קולבאַקן.

וואָס ווייטער אין בוך „צום מענטש“, אַלץ מער אַנטפּלעקט זיך דער דיכטער מיט זיינע מעלות.

פאַראַן גוטע לידער אין די ווייטערדיקע סעריעס אָנגעלאָדן מיט לאַטיין־אַמעריקאַנער אַראָמאַט, מיט דעם געמיט פון ווילדער שיינקייט און ווילדער אָרעמקייט, אַרגענטינע, פּאַראַגוויי, טשילע, באָליוויע, בראַזיל.

ווען וואַסערמאַן ווערט אויף אַן אמת ליריש און פערזענלעך, איז ער אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער יידישער דיכטער־מישפּחה.

יעקב פּאַלאַטיצקי

## (וועגן בוך „פון מיין לייב און לעבן“, אין „דאָס נייע וואָרט“, 1974)

... ווי אַ קרעפטיקער אוממיטלעכער פּאָעטישער נאַראַטאָר, אין ריטמיש־געבויטע פערזן, לעבעדיקער שפּראַך און נאַטירלעך־געראָטענע גראַמען (אין די פינקטלעכע און האַלב־פינקטלעכע), באַווייזט זיך שניאור וואַסערמאַן אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע לידער, וואָס צוזאַמען שאַפן זיי די פּאָעמע פון זיין לעבן, פון זיין ביטערער אָרעמער קינדהייט ביז זיינע „זיבעציק זונקרייזן“.

מלך ראַוויטש

## (פון אַ בריוו, מאָנטעאַל, 28סטן מערץ, 1973)

... באַקומען אײַער „ליִיב און לעבן״־בוך און איך דאַנק אײַך גאָר און גאָר.

דערווײַל געבלעטערט, אָבער דאָס איז נישט גענוג. וועל איך וואַרטן אַ ביסל ביז מײַן געזונט וועט זיך פֿאַרבעסערן.

עס איז אַ נחת צו קוקן אויף דעם בוך. עס אָטעמט מיט יוּנג־שאַפֿט און מוט — ובכן דאַנק איך דערווײַל נאָך אַ מאָל.

— בעסטע, האַרציקע גרוסן

מלך ראַוויטש

## אין דער בריטאַנישער ענציקלאָפּעדיע

אין דער בריטאַנישער ענציקלאָפּעדיע פון יאָר 1963, אין דער אָפּטיילונג: „ייִדישע ליטעראַטור״, אויף דער זײַט 490, פיגורירט, צווישן איייניקע היגע ייִדישע דיכטערס, דער נאָמען שניאור וואַסער־מאַן.

היות די ענציקלאָפּעדיע איז אין ענגליש און דערגייט, כמעט נישט צום היגן ייִדישן לייענער, דערפֿאַר ברענגען מיר דאָ די דאָזיקע ידיעה.

# אין זכות פון ליד

שוין הונדערטער לידער — שוואַרץ־אויף־ווייס.
אומצייליקע נאָך — אין מאַרך, אין געביין. —
דאָך האַלט איך נאָך אַלץ ביי דעם אַלף־בית:
ביים ליד, וואָס איך דאַרף ערשט אויסשלאָגן פון שטיין.

שלאָג איך אין שטיין אין די שלאָפלאָזע נעכט —
אַ פונק אויסצוגליען דורך אַנגסטן און פרייד. —
טו חסד, מיין האַר, צו דיין לידער־קנעכט:
אייל זיך נישט צו מיטן חשבון פון צייט...

רעכן מיין באָרוועסע קינדהייט אַראָפּ.
און פון מיין רייפקייט — די בלאָנדזשענדע טריט. —
שענק פון דיין צייט־קוואַל, דיין קנעכט נאָך אַ טראָפּ —
נישט אין מיין זכות, נאָר אין זכות פון דיין ליד...

אָקטאָבער 1976

# ווינטער־בלומען

עס קען אויך מײַן ווינטער אויפבליִען מיט בלומען —
אויך אין דער טבע געשעט ווען אַ נס:
איך ווייס, אַז מײַן גאָרטן האָט שוין אָפּגעזוּמערט —
דאָך נישט אָפּגעוועלקט האָט אין גאָרטן דער בעז.

ער בליט אונטער שנייען און אײַז־צאַפּנס קאַלטע,
נאָר נישט פאַרן דרויסן — ער בליט בלויז אין זיך...
ס'האָט מעגלעך צו־לאַנג זיך מײַן זומער פאַרהאַלטן?
און אפשר איז ווינטער געקומען צו־גיך?

געקומען און ברייטלעך צעלייגט זיך אין געסל.
אַ פּאָך מיטן בײַטשל געטאָן פאַר מײַן טיר —
און גלײַך אײַנגעפרוירן דאָס וואַסער אין פעסל,
מײַן קאָפּ מיט אַ שניי־ווײַסער קרוין פאַרגרימירט.

און שוין זיך מיט פראָסטיקע בלומען צעבלימלט —
אַ גאָרטן אַ ווײַסער אויף מײַן פענצטער־שויב. —
דאָך האָט ער מײַן זומער אין מיר נישט פאַרדרימלט —
און זומערדיק וואָרקעט אין האַרץ נאָך די טויב.

אָקטאָבער 1976

# אָפּגעזוימערט

דורך גלויבן און צווייפל-געראַנגלען
איז רעשיק מײַן זומער פֿאַרפֿלאָסן ;
איצט הער איך די שניטער-געזאַנגען,
איך זע שוין דעם גלאַנץ פֿון דער קאָסע.

רייפֿע, צי נישט-רייפֿע קערנער —
די קאָסע איז האַר און געביטער.
פֿרײַ פֿונעם שניט זענען דערנער,
די זאַנגען — געהייליקט צום שניטער.

אָקטאָבער 1976

# אַ נײַ בלעטל

אַ בלעטל אַ נײַס, נאָך נישט קיין פאַרשריבנס,
מיש איך אין לוח הײַנט איבער מיט פרייד.
ווער ווייסט עס נאָך וויפל מיר זענען פאַרבליבן
איבערצומישן די בלעטלעך פון צײַט?

דרײַפערטל יאָרהונדערט שוין איבערגעבלעטערט —
דערציילט יעדער בלעטל פון מײַן קאַלענדאַר:
כ׳האָב אָפט מאָל געשטרויכלט, אין שטרויכל — געקלעטערט —
אַן אַלט-נײַע מעשׂה פון פרייד און פון צער.

דערמאָן איך אַצינד, אין דער שעה פון מחילה,
די אַלע וואָס האָבן געשטרויכלט מײַן גיין —
און כ׳בעט פאַר זיי אַלע אין מײַן מעריב-תּפֿילה:
זייער זינד זאָל פאַר זיי כאָטש קיין שטרויכל נישט זײַן.

בלויז מיך אַליין וויל איך פון שטראָף נישט דערלייזן;
איך טראָג מײַנע זינד, ווי אַ שטראָף אויבנאויף.
איך צאָל יעדער שעה פאַר מײַן אייגענעם גרײַזן —
און כ׳ווייס נישט צי כ׳וועל שוין אָפּצאָלן מײַן חוב.

מײַן זינד, ווי מײַן שטראָף, איז אַ לײַבלעכער צווילינג:
דער זאָמען פון בייזן — פון איין מאַמע-טראַכט;
פון ווי צו טאָן וועמען — אַפילו אומוויליק,
אַפילו פון עמעצן בלויז שלעכט געטראַכט.

שלעפּ איך זיי ביידע, שוין אויך אָן מײַן וויסן,
די זינד מיט דער שטראָף אײַנגעהאָרבעט אין מיר.
זיי קוקן מיך אָן און זיי שווײַגן פאַרביסן —
און מישפּטן שטום זייער יצר — דעם בחיר...

15טער מערץ 1975

# אָוונט־שעהען

לענגער ציִען זיך די אָוונט־שעהען.
נידעריקער בייגט מײַן קאָפּ זיך אײַן.
עס הייבן אָן מחשבות זיך צו ראָיען,
קוקן אינעם הארצן מיר אַרײַן.

טו איך אוים דאָס הארץ מײַנס אָדם־נאַקעט —
נאַט און זעט! — ס׳איז אַלץ פאַרשריבן קלאָר:
איך האָב דאָס לעבן מיט דער נאָז געאַקערט
און מיט שוויים פאַרזייט אַ נײַע וואָר.

איך האָב אַ נײַע צווײַג געטאָן פאַרצווײַגן
אויף מײַן יהוסדיקן עמך־שטאַם:
אַז די, וואָס קומען נאָך מיר זאָלן שטײַגן —
איבערשטײַגן מיך און גאָר מײַן שטאַנד.

נאָר כ׳האָב די צווײַג נישט אַלע מאָל פאַרהיטן —
שלאָג איך אין מײַן הארצן זיך על־חטא.
איצט וויגן זיך צום ברעג שוין מײַנע פליטן.
ס׳וואַקלען מײַנע טריט זיך שוין צום בעט.

און אומרו לייגט בײַנאַכט מיט מיר זיך שלאָפן,
שאָטנס גלאָצן מיר אין מארך אַרײַן.
בלויז בלײַער אויף פּאַפּיר מיט קרומע סטראָפן —
וויגן אין דער אָוונט־שעה מיך אײַן.

סעפּטעמבער 1974

# שאָטנס

אויף מײַן װײַסער שװעל קריכן טונקלע שאָטנס.
ס׳טונקלט זיך מײַן נײַגעריקער בליק.
מײַן פּאָרױס — מיט נעפּלען איז פאַרזאָטן —
קוקן מײַנע אױגן אױף צוריק:

דערשפּיר איך נאָך דעם ערשטן סטרונע־ציטער
פון מײַן אײגן פידעלע, צעגראַמט,
װען מײַן ייִנגל־בליק האָט אַן אױפגעגליטער,
מיטן ערשטן אומרו זיך צעפלאַמט.

צײל איך נישט מײַן דיכטערמינץ פון יאָרן —
שװער איז דער באַלאַנס מיט זיך אַליין...
נאָר לעכערדיקער איז מײַן דאַך געװאָרן,
קנאַפּער יעדער ביסן פאַר די ציין.

פאַר די יונגע ציין פון װײַב און קינדער.
פאַר די טאַטע־מאַמע אין דער װײַט. —
אין די נעכט, די פינצטערע און בלינדע,
מאָנען זײ דעם חשבון שטומערהייט.

עס קומען אױך די שװעסטער און די ברידער,
שטילע, מיט אַ לײַכטן האַנטבאַגאַזש:
און לייגן מיר צוקאָפּנס פון די לידער —
אַ זעקעלע מיט זײער הייסן אַש...

אויגוסט 1974

# ס׳איז טונקל מײַן ראיה

איך עפֿן מײַן לאָדן צו זען דאָס אויפֿטאָגן:
צו הערן דעם פֿייגלשן מודה־אני.
צו פֿילן דעם גאַנג פֿון דעם זוניקן וואָגן,
אין עיגול פֿון קאָסמיש־אין־סופֿיקן פּלי.

איך עפֿן מײַן לאָדן צום בלויען באַגינען:
צו הערן דאָס פֿייגלשע דאַוונען שחרית.
קען זײַן, אַז די פֿייגל באַנעמען דעם זינען —
דעם קאָסמישן קרײַז פֿון בראשית ביז אַחרית...

נאָר איך בין געשלאָגן מיט קורצקייט פֿון ראיה,
וואָס שליסט שוין איר אייגענעם קרײַז צום אָפּטאָגן —
און קען שוין די נעפּלען פֿון צײַט נישט דורכגליִען
צום רעדלען פֿון אייביקן קאָסמישן וואָגן...

יאַנואַר 1976

# מיטן אויער פון האַרץ

עס וועקט מיך נישט מער דאָס געזאַנג פון קאַיאָרן:
פאַרשטאָפּט איז מײַן אויער צו פייגלישע כאָרן.

פאַרשטאָפּט צו דעם וואָרקען פון טויבן אויף דעכער.
צום צוויטשער פון שוועלבעלעך אונטער די סטרעכעס.

נאָך גוט, וואָס דאָס אויער אין הארצן איז אָפן:
צו שטילע ניגונים. צו טראָפּן און סטראָפּן.

וואָס שטילער דער ניגון — אַלץ לײַכטער צו הערן...
דאָס אויער פון האַרץ הערט דאָס רוישן פון שטערן.

דאָס אויער פון האַרץ הערט דעם גאַנג פון פּלאַנעטן,
אין קרײַז פון דער זון, איבער בלויע טאַפּעטן.

דאָך וויל זיך נאָך הערן דאָס פייגלישע טרילען.
דאָס גרילצן אַפילו אין וואַנט פון די גרילן.

דאָס קוואַקען פאַרנאַכט־צו אין זומפּ פון די זשאַבעס —
די הייליקע זמירות פון ערדישן שבת...

נאָר מאַלע, וואָס ס׳וויל דער בעל תאווה — דאָס אויער! —
שוין סקריפּעט צו קריאַת שמע פאַרשלאָפן דער טויער.

אַ סקריפּ נאָך אַ סקריפּ — און דער טויער פאַרהאַקט זיך;
בײַם טויער, דער סטרוזש, קוקט פאַרגולמט און קראַצט זיך...

אויגוסט 1976

# מײַן טאָג װערט קירצער

מײַן אויג נעמט פֿאַרלירן אָן אות נאָך אָן אות.
און שווער ווערט אַ וואָרט מיט אַ וואָרט צו פֿאַרקייטלען.
מײַן שויב צו דער וועלט נעמט פֿאַרציִען אַ פּראָסט.
דער שפּיגל אין אויג הייבט זיך אָן צו פֿאַרהייטלען.

ס׳האָט פֿריִער — די נאָדל, דערנאָכדעם — די פּען
דעם גלי פֿון שוואַרצאַפּל אין אויג אויסגעשטאָכן.
און ס׳גלוסט זיך מײַן אויג נאָך, ווי פֿריִער צו זען:
דאָס גרינען פֿון גרעזל. דאָס גריסן פֿון שכן.

דאָס וואַקסן פֿון אייניקל אונטער די הענט.
אין אייגענעם פּנים — דאָס קנייטשן-געזעמל.
דאָס שפּיל צווישן שאָטן און ליכט אויף די ווענט.
די שויבן פֿאַרנאַכטלעך — אין שקיעה צעפֿלעמלט.

נאָר ס׳טראָפּנט אַרויס פֿון מײַן אויג שוין דאָס ליכט.
מײַן טאָג ווערט אַלץ קירצער, די נאַכט — אויסגעצויגן.
דער אָוונט שפּרייט אויס זײַנע שאָטנס געדיכט.
פֿאַרציט מיט אַ שוואַרצן וואַל מײַנע אויגן.

נאָוועמבער 1973

# עלטער־פּראָפיל

עס ווערט אַלץ געדיכטער דער נעפּל,
וואָס שפּרייט זיך פאָרויס פאַר מײַן בליק ;
מײַן פוס טאַפּט אומזיכער דאָס טרעפּל —
און טרעט דערויף אָן אומגעשיקט.

די בריל ווײַכט נישט אָפּ פון די אויגן :
און באַהיט פון שטרויכלען מײַן טריט.
די פאַרבן פון מײַן רעגנבויגן —
פאַרבלאַקעווען שוין אין געמיט.

עס ווערן געדיכטער די שאָטנס,
וווּ איך בין — דאָרט זענען זיי דאָ.
איך הייב אָן אין טאָטן געראָטן —
זײַן אָפּבילד — אין מײַן שקיעה־שעה...

אויגוסט 1976

# מײַן װינטער־פּאָרטרעט

אַ שיטער־געפֿאַלענער שנײ — מײַן קאָפּ האָט באַשנײט.
מײַן שטערן — מיט קנײטשן, געדיכטע, באַדאַכטע.
דער גאַנג מײַנער — שװערלעך, די טריט — נישט געאײַלט.
די אױגן — פֿאַרטונקלטע — װינטער־פֿאַרנאַכטן.

דאָס בלוט — שױן געזעצטער, דער שטראָם — אָפּגעקילט.
אַ ציטער באַװעלטיקט אַלץ מער מײַנע פֿינגער.
דאָס אױער — מיט אײגענע קלאַנגען צעשפּילט.
מײַן איך — אָנגעשפּאַלטן: באַװײנער־באַזינגער.

מײַן איטלעכער אבר — אין שװערן פֿאַרמעסט
אַקעגן דעם װינטער — די טעג פֿון אײַנפֿרירן...
אומהײמלעכע טעג. אומגעבעטענע געסט,
װאָס שאַרן זיך גנביש דורך די הינטערטירן.

מיט אַ שיטערן שנײ — באַדעקט איז מײַן קאָפּ.
די בליקן — עלעגיש, מיט שקיעה־ליכט קאַלטן.
אַ ברעקל בלױז זוניקן פֿרילינג איך האָב
פֿון אױג פֿון געזעמל — אין האַרץ אױסבאַהאַלטן.

יולי 1975

# איך - דער פרילינגסגרייַז

העי, מייַן פידל, שפיל מיר אויף אַ פרילינג,
אַז צערינען זאָל אין מיר דער וויי!
כ'וויל נאָך איין מאָל מיט אַ שטראָל זיך שפילן --
מיט אַ פרילינגשטראָל אין טיפן שניי...

כאָטש עס פרירט דער פראָסט אין מייַנע ביינער,
און אייַז פאַרקאָוועט שוין פון בלוט דעם שטראָם,
וועל איך נאָך — אַפילו מיט די ציינער —
צו דעם ברעג אַ שלעפּ טאָן דעם פּאַראָם.

מייַנע בלומען בליִען אונטער שנייען.
מייַנע שטראָמען פליסן אונטער אייַז. —
וועל איך אונטער שניי מייַן פרילינג זייען.
גערטנער זייַן וועל איך — דער פרילינגסגרייַז.

כ'בין געבוירן אין אַ פריִען פרילינג,
ווען דאָס אייַז אין טייַכל האָט געלאָזט.
ווען עס לויפן ווינטלעך אום צעשפילעט.
און די זון — צעקושט זיך מיטן פראָסט.

איז דער ווינטער-פרילינג מייַן באַשערטקייט:
צווילינג-ברידער פון איין מאַמעס שוים.
טוקט זיך אויך מייַן שמייכל אין באַטרערטקייט. —
פון מייַן טרער — אַ שמייכל שפּילט אַרוים...

סעפּטעמבער 1974

# מײַן װײַן־קעלטער

כ׳בין אַלט — נאָר נישט פֿאַרעלטערט;
אַלט בלױז לױט די יאָרן. —
איז מײַן װײַן אין קעלטער
שטאַרקער נאָך געװאָרן.

מײַן שטערן — שױן צעװירעט;
מײַן פּנים — טיף געררונצלט. —
דאָך ציטערט אױף מײַן לירע
פֿון דעם לײַכטסטן װינטל.

מײַן בליק — כאָטש אָפּגעשװאַכטער —
שלינגט נאָך אַלץ די שטערן.
דאָס װאָרט מײַנס — מער באַדאַכטער;
טיפֿער די באַגערן.

כ׳בין אַלט, נאָר נישט פֿאַרעלטערט,
כאָטש די יאָרן טריפֿן...
דאָס בלאַט פֿון בױם — פֿאַרגעלטער,
נאָר די װאָרצלען — טיפֿער.

נאָװעמבער 1974

# אַזאַ ניגון

פינגער מײַנע, פיבערט אויס אַ ניגון,
אויף מײַן אַלטער שרײַבמאַשין אין ייִדיש;
אַזאַ ניגון, וואָס זאָל מיך פאַרוויגן
אין אַ וווּנדער־חלום — כולו חידוש.

ציט אַרויס דעם ניגון פון די ווערטער;
טוט אים אויס פון קלאַנגען־צוואַנג — פון נאָטן;
שפּילט אַ ליד, וואָס בלויז אַ האַרץ דערהערט עס,
בלויז אַ האַרץ — פון קנאה נישט פאַרשאָטנט.

אַ ליד אַ שטילס, גליט אויס מײַנע פינגער,
פון די אַלטע ייִדישע קלאַווישן.
שטיל — די שטערן זאָלן עס מיטזינגען —
און אויף בלויען פאַרמעט עס פאַרקריצן.

כישופט אויס דעם פּאָך פון טויבן־פליגל,
ווײַסע, ריטמיש־פלאַטערדיקע סטראָפן;
שפּינט אַ מאַמעס ניגון פאַרן וויגל,
פון איר אָפּגעציטערט קינד צום שלאָפן.

נאָוועמבער 1974

# קריאת־שמע

ס׳טונקלען זיך די מערב־האָריזאָנטן.
ס׳לעשט זיך אוים דאָס לעצטע פייגל־טרעלן.
ס׳הינקען די חלומות פון די פראָנטן:
זוכן רו אויף די פאַרברענטע שוועלן...

מחנותוויַיז און איינציקוויַיז, צעשאָטן,
וואַנדלען זיי דורך אויסגעפלאַמטע וועלטן. —
ווער עס שעלט זיַין גאָט צום גראָם, אויף נאָטן,
און ווער ס׳האָט נישט קיין גאָט שוין — אויך צו שעלטן...

ס׳בלייכט אַ לעצטע שקיעה־שטראַל אויף שויבן.
ס׳נעמט דער טאָג די אויגן זיַינע שליסן.
ס׳דרימלען רויִק איַין די פרומע טויבן
אויף די דעכער — און זיי וואָרקען קריאת־שמע.

אויגוסט 1974

# ווינטער

אָנגעפּעלצט און אָנגעהיטלט
און דעם שליטן אײַנגעשפּאַנט,
זעץ איך מיך אַרײַן אין שליטן —
וויאָ! — צום אומבאַקאַנטן לאַנד...

היימישלעך, מיט מיר אין איינעם,
שליטלט זיך דער ווינטער מיט.
פֿאָרן מיר, ווי גוטע שכנים —
צוויי זקנים — פֿון יאַריד...

ס׳גלימערט שקיעה־זון אַקעגן,
לעשט זיך אינעם שניי און צאַנקט.
און דער שניי פֿאַרשיט די וועגן —
גאָט — עס טוט מיר גאַרנישט באַנג!

אָנגעוווירן שוין במילא
זײַנע וועגן, האָט דײַן בחיר.
ס׳איז אַ ווייטיק צו דערציילן:
אויך דעם וועג, וואָס פֿירט צו דיר.

אַלע וועגן זײַנען בלינדע
אויף דײַן גאַנצן ערד־געמאַך;
וועל איך מײַן לאָמטער אָנצינדן,
ווי פֿון חדר, ווינטערנאַכט.

און דעם שליטן נאָך אַ ווײַלע
האָמעווען אין זײַן גאַלאָפּ:
ס׳איז נישטאָ זיך וואָס צו אײַלן
צום באַשערטן באַרגאַראָפּ...

מײַ 1976

# אָנגעשפּאָלטן געמיט

אָנגעשפּאָלטן געמיט. שלאָפלאָזע נעכט.
און דו פּירסט מיט דיר — דײַן קנעכט — אַ געפּעכט:

דו ווילסט פון דײַן אייגענעם ספר־משלים
אויסמעקן דעם טרייסטלאָזן הבל־הבלים.

זײַן רעיון אין אייגענעם בלאַט איבערהיפּן —
און מיט ישקני באַזיסן די ליפּן.

זויפּסטו פון שוימיקן כוס ישקני
און לעקסט אָפּ דעם שוים פון די ליפּעלעך דײַנע...

אַ קלוגער געווען איז קהלת — אַ חכם.
עס האָבן חכמים באַקרוינט אים מיט שבחים.

דאָך ווילסטו די חכמה פון חכם נישט הערן. —
דו שענקסט פאַר אַ שמייכל אַוועק אַלע שטערן.

ס'איז שווער פאַרן האַרצן בלויז חכמה צו טראָגן. —
דײַן בליק וויל נאָך מידבר־מיראַזשן זיך יאָגן...

**
*

אָנגעשפּאָלטן געמיט. שלאָפלאָזע נעכט.
און דו פּירסט מיט דיר — דײַן קנעכט — דאָס געפּעכט.

אויגוסט 1976

# און ס׳איז געוואָרן מענטש

ווען גאָט האָט באַשאַפֿן די וועלט —
האָט ער גלײַך דעם מענטש צונויפֿגעשטעלט
מיט זײַן ברייטער האַנט:
פֿון הייסן מידבר־זאַמד.
פֿון פֿאָלאַרער קעלט.
פֿון ווינט אין פֿעלד. —
און מיט זײַן געטלעכן פֿינגער־באַריר —
געשטאַלטיקט דעם בחיר.

און אַז גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש —
האָט ער אים געבענטשט:
מיט פֿייגל־געזאַנג.
מיט סיקען פֿון שלאַנג.
מיט לייבן־געבריל.
מיט גרילצן פֿון גריל.
מיט אָדלער־פֿלי —
און בייגן די קני.

און גאָט האָט צום מענטשן אַזוי געזאָגט:
זאָלסט אָפּטיילן נאַכט פֿון טאָג.
גרויס פֿון קליין.
מיאוס פֿון שיין.
שלעכט פֿון גוט.
וואַסער פֿון בלוט.
נאָר דער בחיר — דער גאָר פֿון — נישט:
האָט אַלץ אויסגעמישט...

און ס׳איז געוואָרן — מענטש —
פֿאַרשאָלטן־געבענטשט.

אויגוסט 1975

# מלכות־קיץ

איך ווייס: די זון וועט נאָך מיר איר שײַן נישט פאַרטונקלען.
שטערן וועלן ווינקען, ווי זיי האָבן געווונקען.

דער מענטש וועט אַלץ שטאַפּלען אויפן לייטער פון חלום —
און פירן אויך ווײַטער מילחמה — פאַר שלום...

משיח וועט ווײַטער זיך קראַצן די ווונדן.
פּראָמעטעאָ וועט זײַן צו אַ פעלדז צוגעבונדן.

בעטלערס וועלן בעטלען אויף אַלע יאַרידן.
שיכורע גויִים וועלן ממיתן ייִדן.

אַ קינד וועט זײַן טאַטן, דעם בלינדן, אומפירן —
הכנעהדיק קלאַפּן אין פאַרקייטלטע טירן.

די קראָ וועט נישט נעסטן נעסטן אין נעסט מיט קיין שוואַלבן.
דער מענטש וועט אַ קאַלב פאַר זײַן גאָט ווײַטער זאַלבן.

**
*

איך ווייס, אַז נאָך מיר וועט זײַן אַלץ, ווי געוועזן:
אין פרילינגסצײַט וועלן צעגרינען זיך גרעזער.

עס וועלן אין האַרבסט פאַלן בלעטער פון ביימער.
אַ קוואַל וועט אויפריזלען פון אונטער די שטיינער.

כ׳האָב גאָרנישט פאַרערגערט. כ׳האָב גאָרנישט פאַרבעסערט:
געווען איז די וועלט שוין צעפאַלמעסט, צעמעסערט,

ווען איך בין צו איר, אומגעבעטן, געקומען. —
גיב איך צוריק זי, ווי איך האָב זי גענומען.

**
*

כ׳האָב יאָ זיך פאַרמאָסטן — אין שעה פון מײַן גלויבן —
מזוג־זיווגים־זײַן אָדלערס מיט טויבן:

די תמימות פון טויבן מיט אָדלערשן פליִען
זאָלן זיך ביידע פון איין איי אויסברִיען.

נאָר ס'קען נישט דער חלום פון הבלען געדייַען
אין מלכות פון עלטערן מאָרדברודער — קיִן.

גיב איך די וועלט אָפּ צוריק איר באַשאַפער —
און זאָל ער אויף ס'נייַ אויף זייַן ווערק זיך פאַרגאַפן...

אָקטאָבער 1975

# מײַן האָר

מײַן האָר: װען די שעה פון מײַן אַלטקײט װעט שלאָגן
און װעלן פאַרדאַרבן דאָס װערק פון דײַן האַנט —
באַהיט און באַשיץ מײַנע רמ״ח אבֿרים;
באַשירעם דײַן ליכטל אין מיר — דעם פאַרשטאַנד.

באַשיץ פון פאַרדאַרבן דײַן ליבלינג און לויבלינג:
דעם צלם, װאָס דו האָסט פאַרקריצט אין דײַן בחיר.
פאַרדעק נישט דײַן שפּיגל — דעם גלאַנץ פון דײַן שכינה;
פאַרלעש נישט, מײַן האַר, דײַנע פונקען אין מיר.

און אויב איך װעל מוזן מײַן אַלטקײט דערהינקען,
אַ מידער, אויף קוליעס שוין אונטערגעשפּאַרט —
זײַ גנײדיק צום שפּליטערל זין אין מײַן האַרצן,
צום פלעמל, װאָס דו האָסט צעבלאָזן, מײַן האַר.

אַפּריל 1976

# וויג מיך אײַן

ליד מײַנס, וויג מיך אײַן.
וויג אײַן מײַן גרויען קאָפּ, ליו־ליו!
דער זקן, ווי דאָס קינד,
באַדאַרף צו האָבן רו.
באַדאַרף צו האָבן רו!

ליד מײַנס, לייג דײַן האַנט
אויף מײַן געקנייטשטן שטערן.
דער זקן, ווי דאָס קינד,
באַדאַרף אַ ניגון הערן.
באַדאַרף אַ ניגון הערן!

גלעט די קנייטשן אויס
און זינג מיר שטיל אַ ניגון.
דעם זקן, ווי דאָס קינד,
באַדאַרף מען צו פאַרוויגן.
באַדאַרף מען צו פאַרוויגן!

יאַנואַר 1976

# קדיש

מײַן שנור טערעסאַ — אין די שבעה־טעג

מײַן האַרץ, וואָס עס זוכט מיט ליכט אום דעם מענטש —
האָט דיך צוגעטוליעט, ווי אַן אײגענע טאָכטער;
מײַנע תפילה־ליפּן האָבן דיך געבענטשט;
כ׳האָב אַ קרוין פאַר דײַן ליכטיקן קאָפּ אויסגעפלאָכטן.
יתגדל!

אַ קרוין פאַר דער צערטלעכסטער מאַמען און פרוי;
פאַר דײַן אויסגלײַכן קרומקייטן, זעלישע סתירות;
פאַר דעם, וואָס דו האָסט זיך אַליין אויפגעבויט;
פאַרן ווערן דײַן אײגענער יצר־יצירה...
יתגדל!

איצט שטיי איך בײַם ווערעמען בערגעלע ערד —
ווערעם פון דײַן אָטעם, וואָס האָט נאָר־וואָס פאַרצאַפּלט;
פון האַרץ, וואָס האָט קלאַפּן אין דיר אויפגעהערט —
נאָר אין אונדז וועט עס קײן מאָל נישט אויפהערן קלאַפּן.
יתגדל!

ס׳איז דאָס קבר־בעט איצט דײַן געצווונגענער רו;
בלויז די ערד האָט געקענט אין דיר לעשן דאָס פלאַמען.
אויב ס׳איז אַ גן־עדן פאַראַן ערגעץ־ווו —
איז דײַן אָרט לעבן רחלען — דער הייליקער מאַמען.
יתגדל!

דײַן ייִנגערער קדיש קוקט אין שטערן־קרײַז —
און זוכט דאָרט דײַן פּנים אין ליכטיקסטן שטערן. —
דאָס האַרץ פון אַ קינד קען נישט מאַכן קײן גרײַז.
און ווערער פון וואָר זענען קינדער־באַגערן...
יתגדל!

דער עלטערער טראָגט שוין דײַן שטערן אין זיך —
און היט אָפּ זײַן שימער אין האַרץ דעם באַטרערטן;
ער היט אין זײַן אויג אָפּ פֿון דײַן אויג דאָס ליכט —
אַן עמוד־האש אויף זײַן וועג דעם באַגערטן...
יתגדל!

נאָר מײַן בליק האָט איצטער אַ כמאַרע פֿאַרשטעלט,
וואָס וועט מיט די אויגן אין איינעם אויסרינען.
יתגדל ויתקדש — דײַן פֿאַרשניטענע וועלט! —
זאָל דײַן נישט־געלעבט לעבן אין אונדז זײַן פֿאַרשפּינען!
יתגדל!

יולי 1973

# אַ שטערן

**(וויגליד)**

מײַנע אייניקלעך־יתומים
מיט צער צו זייער מאַמעס
ערשטן יאָרצײַט

פאַכען ווײַסע טויבן־פליגל,
בין־השמשות, פאַר מײַן פענצטער. —
וויג איך אײַן מײַן קינד אין וויגל:
שלאָף מײַן זונעניו, מײַן שענסטער.

ס'וויגט דײַן טאַטע דיך מיט טרערן;
שלאָף מײַן קינד אין זיסן דרימל.
ס'איז דײַן מאַמע שוין אַ שטערן —
דער ליכטיקסטער אין הימל.

זעסט דעם שטערן, קינד מײַנס, פלאַמען,
פינקלען אין די פענצטער־שויבן? —
אָט דער שטערן איז דײַן מאַמע,
וואָס שײַנט בלויז פאַר דיר פון אויבן.

ס'וועט איר שטערן פון די הייכן,
פאַר דײַן פנים שטענדיק שײַנען;
זי וועט דיר דעם וועג באַלײַכטן. —
שלאָף מײַן יתומל, מײַן קליינער.

נאָוועמבער 1974

# דער זיידע

אונדזער זיידן מענדעלע
האָבן אַלע גוט געקענט:
מיט זײַן בידנער קליאַטשע, נעבעך,
פּלעגט ער אויספֿאָרן די וועלט.

ווו אַ שטאָט, אַ שטעטעלע —
איז דער זיידע דאָרט געווען!
און דעם זיידנס קלוגע אויגן
האָבן אַלץ און קלאָר געזען.

און געזען אַזוי פֿיל רשעות
האָט דער זיידע אויף דער ערד!
און דערפֿאַר געשאַרפֿט זײַן פּעדער,
ווי אַ קריגער שאַרפֿט זײַן שווערד.

כאָטש געווען איז ער פֿאַרליבט גאָר
אין באַשאַפֿערס שיינער וועלט:
אין דעם תּפֿילה־שעפּטש פֿון וועלדל,
אין דעם גרעזעלע אין פֿעלד.

אין דעם סאָלאָוויים חזנות
וואָס צעגייט אין יעדער גליד. —
אָבער אויף קאַבצאַנסקער מיסטן
האָט נאָר קראָפּעווע געבליט.

נאָר תּקיפֿים און בעל־טאַקסעס;
פֿאַלשע פּאַסטעכער און שאָף. —
און דערפֿאַר געמאַכט זײַן פּעדער
פֿאַר אַ שאַרפֿער שווערד פֿון שטראָף.

# מעביר־פּרץ

## (צו פּרצעס 60סטן יאָרצייט)

מײַן װעג האָט שוין דאַן נישט געפירט צו דײַן טיר:
דײַן נאָמען אָפילו דערהערט כ׳האָב נאָך דיר...

דאָס האָב איך ערשט שפּעטער, מיט יאָרן דערנאָך,
דערזען דײַן אַדלערשן פליגל־געפאָך.

דײַן פלי פון די זאַמאָשטשער סטרעכעס און מאַרק —
צום שפּיץ פון דעם אײגענעם ייִדישן באַרג.

פון דאָרט פון דעם ייִדיש־אָלימפּישן שפּיץ —
האָט זיך דײַן דימיון מיט פונקען צעשפּריצט.

פאַררײַס איך נאָך הײַנט אויך מײַן גרײַזגרויען קאָפּ
און כ׳בין מעביר־פּרץ מיט ניגון און טראָפּ.

מיט סטראָפן פון „מאָניש" — דײַן גאָר־ערשטלינג־װערק.
מיט קינסטלער־סקולפּטורן — געהאַקט פון „צװיי בערג".

מיט פינטעלעך־סודות — און פּשוטן מײן:
אַז העכער פון הימלען דער מענטש איז אַלײן.

באַהײצן אַן אָרעמע שטוב אין דער קעלט —
באַהײצט מען דערמיט אויך די קעלט פון דער װעלט.

צעשמעלצט מען דערמיט אויך דאָס אײַז פון דער ערד —
האָב איך דאָס אין „ניגון אָן װערטער" דערהערט.

פאַררײַס איך נאָך הײַנט אויך מײַן גרײַזגרויען קאָפּ
און כ׳בין מעביר־פּרץ מיט ניגון און טראָפּ.

# שלום עליכם

שלום עליכם — ווער קען אים דען ניט ?
— געוועז צווישן ייִדן, „אַ פּשוטער ייִד".

פּשוט אויף ייִדיש געשריבן, גערעדט.
ס'האָט יעדער וואָרט זײַנס בײַם האַרצן געגלעט.

ס'האָט יעדע מעשה אונדז פריילעך געמאַכט. —
האָט מען די מעשיות געלייענט און געלאַכט.

האָבן די פריילעכע מעשיות געהערט :
טאַטעס מיט לאַנגע, פאַרקאָלטנטע בערד.

מאַמעס פאַרדאגהטע, דינסטן אין קיך
און שוסטער־געזעלן בײַם פלעקלען די שיך.

און ס'האָבן זיך קינדישע אויגן צעשײַנט —
בײַם הערן די מעשיות — און שײַנען נאָך הײַנט.

און וועלן אין ליכטיקן מאָרגן, נאָך מער,
שײַנען מיט לויטערער פרייד, אָן אַ טרער...

# דו האָסט אונדז דערוואַרעמט

(אין אַברהם רייזענס 100סטן געבוירן־יאָר)

ס׳איז אַ גליקלעך־אומגליקלעך יאָרהונדערט געווען:
דאָס שטעטלשע ייִדיש־יאָרהונדערט, מײַן רייזען,
ווען ס׳האָט זיך מיט זאַפטן צעקוואַליקט דײַן פּען —
פון שטאַמלען דאָס פּשוטע וואָרט אויסצולייזן...

ווען ס׳האָט זיך דער שטאַמלענדער שוסטער צעלשונט,
„צום העמערל״ זײַנעם, בײַ שיכלעך פאַרריכטן.
און ס׳האָט דער ישיבהניק פינצטער פאַרמשלט
זײַן עולם־הזה — מיט אַן אויסגעטריפט ליכטל.

עס האָבן מיט צאָרן די ווינטן געהוליעט —
און ווײַטער געדויערט דער שרעקלעכער ווינטער.
נאָר דו האָסט אונדז אַלע צום האַרצן געטוליעט —
און האָסט, ווי אַ מאַמע, דערוואַרעמט, דערמונטערט.

און איך, דײַן באַזינגער, האָב דיך אײַנגעפינקלט
אין ייִדישן אות — אין דײַן ייִדיש־יאָרהונדערט.
איצט דריי איך דײַן קנויט־אויף, ווען ייִדיש פאַרטונקלט —
און כ׳וואָרט אויף אַ ייִדיש־נס, כ׳וואָרט אויף אַ וווּנדער...

יולי 1976

# אַ מענטש

ה. ליוויקן — אין זײַן
50סטן געבוירן־יאָר

מאָל איך מיר
אַ מענטש אויף פּאַפּיר.
מאָל איך דעם מענטש אַזוי:
דעם קאָפּ גרוי, זייער גרוי!
כמעט ווײַס.
אויגן — יונג און הייס.
אויגן, וואָס גלעטן און גליִען.
און אָדלער־פליגל גרייט צום פליִען,
מאָל איך אויס.
אַ מענטש מיט אָדלער־פליגל? —
ס׳מאַכט נישט אויס...

און אַ האַרץ וועט ער באַזיצן:
העל ווי די אַנדן־שפּיצן
אין זונאויפגאַנג.
און צאַרט — ווי קינדער־געזאַנג.

און דער מענטש אַליין? —
וועט זײַן שיין, זייער שיין!
און גאַנץ — אָן אַ מום.

פון וואָסער לאַנד? — פון אומעטום.
פון וואָסער פאַרב? — ווי איר ווילט.
גוט און מילד,
ווי אַ קינד.
און דרייסט — ווי דער שטורעמווינט.

# מײַן!

(צום 25סטן יום־העצמאות)

אַלע לענדער זענען שײן
און ישׂראל — שענער איז:
װײַל ישׂראל — דאָס איז מײַן! —
מײַן די ערד אונטער די פּיס.

מײַן דער הימל אױפֿן קאָפּ.
מײַן דער אָדלער־עראָפּלאַן,
װאָס באַװאַכט מיך, היט מיך אָפּ
און באַשיצט מײַן יעדן שפּאַן.

אַלע לענדער זענען גוט
און ישׂראל — מער פֿון זײ:
ס'זינגט דער ירדן אין מײַן בלוט,
און דער ים־סוף — פֿון מײַן פֿרײ.

אין מײַן בליק — דער חרמון־שפּיץ.
אױף מײַן קאָפּ — זײַן קרױן געצירט.
כ'װױן אין אַלע לענדער איצט
און ישׂראל — װױנט אין מיר...

# אונדזער שלום־שלאַכט

(געהייליקט דער יום־כיפור־מילחמה)

און ווײַל מיר גאָרן צו האָבן דעם שלום —
לערנען מיר פלײַסיק דאָס מילחמה־פאַך.
כל־זמן עס איז ווײַט צו ישעיהוס חלום —
מוזן מיר קענען די מלאכה פון שלאַכט.

מיר זענען צו־קליין אויף צו מעגן זײַן שוואַך...
מיר זענען צו־עלנט אויף צו זײַן בלויז אַליין.
נישט גליתעס פאַנצער איז גבורה און מאַכט —
נאָר ס׳איז די האַנט, וואָס קען צילן דעם שטיין...

ווי ווינציק מיר זענען: איינס קעגן הונדערט. —
מוז אויך אונדזער גבורה זײַן הונדערטפאַך.
איז יעדער חיל — אַ שימשון, אַ וווּנדער.
די שלאַכט פאַרן שלום — אַ הייליקע שלאַכט.

אייביקער רום צו אײַך צה״ל־חילים!
איר שטאָלענע פויסט פון ייִדישן מוט.
שימשונס גבורה און ישעיהוס חלום —
שטראָמען אין אײַער אומשטערבלעכן בלוט.

מאַרץ 1974

# מכבייער

עם הערשט נאָך דער יון־סאַטראַפּ אויף דער ערד.
ער שלעפּט נאָך זײַן חזיר אויף אונדזער מיזבח. —
נאָר ס׳לעבט מתתיהו און שאַרף איז זײַן שווערד.
און ס׳לעבט זײַן ירושה אין די מכבייער.

זיי בײַטן די נעמען אין איטלעכן דור,
נאָר בלײַבן די זעלביקע טרוימער־גיבורים:
שימשון, בר־כוכבאַ, אַנילעוויטש — און גאָר —
די אַלע, וואָס צינדן די ליכט אין מנורות...

זיי שלאָגן אין מידבר פון שטיין אוים אַ קוואַל.
זיי זענען די אייביקע פונקען פון דאָרן:
פּלמ״ח, הגנה און גיבורי־צה״ל —
מכבייער אויף „דזשעטס״ און קיבוץ — טראַקטאָרן.

טאַ, צינדט אָן די הייליקע חנוכה־ליכט
אין יעדער צעשפּרייטקייט פון יעקבס געצעלטן! —
עס זאָלן די בלעמס זען אונדזער געזיכט —
און זאָלן אין ברכות פאַרבייטן דאָס שעלטן...

ערב חנוכה ה׳תשל״ו

# קרית שמונה און מעלות

(באַלאַדע)

נאָך איין שוואַרצער ציפער אויף אונדזער לוח פון צער.
נאָך איין בלוטיקער פלעק אויף דעם וועלט־קאַלענדאַר.

פריִער — קרית שמונע און איצט שוין — מעלות.
אונדזער קינדער־בלוט, גאָט, שווענקט אַראָפּ דײַן יסוד.

אַ צעאַשט מיליאָן קינדער פאַרטונקלט דײַן רוים.
און אויף אַשמדאים הערנער זיצט נאָך פעסט שלמהס קרוין...

און קין טראָגט שטאָלץ נאָך דעם צייכן פון מאָרד.
ער לעקט אָפּ הבלס בלוט, וואָס רינט איבער זײַן באָרד.

צו די העכסטע געבאָטן: „נישט הרגע"! „נישט רויב"!
איז גאָר דײַן יצירה, מײַן גאָט, בלינד און טויב.

די רײַטוואָגנס פרעהס שטייען ווידער געשפּאַנט —
דײַן ערד צו פאַרוויסטן מיט בראַנד און מיט שאַנד.

צו פאַרלענדן פון גאָרער דער ערד יעקבס הויז,
וואָס שטעכט מיט זײַן ליכט עשוס אויגן אַרויס.

וואָס צעשטראַלט דעם קאָור אין דער נאַכט פון דער וועלט;
און טאָגט אויך אין פענצטער פון עשוס געצעלט...

מײַ 1974

# יונגע בויערס

מיר זענען יונגע בויערס —
בויען מיר אַ הויז:
איינער ברענגט דאָס ליים,
אַ צווייטער קנעט עס אויס.

מוזיק: מיכל גאָלדפאַרב    יונגע בויערס    טעקסט: ש. עם סטראַן

Sharf akcentirt

אַ דריטער לייגט די ציגל —
וואַקסן הויך די ווענט. —
איז אַ פרייד צו קוקן,
ווי די אַרבעט ברענט!

אַ פרייד איז יעדער ציגל,
יעדער נײַער שטיין,
יעדער טראָפּן שוויים
פאַר אונדזער נײַער היים!

***

מיר זענען יונגע בויערס —
איז בויען אונדז באַשערט:
אַ נײַע, פרײַע היים —
אויף אונדזער אַלטער ערד!...

# פינף אותיות

פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט שיַינט אַזוי העל!
פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט מיינט: ישראל!

פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט קלינגט אַזוי שיין!
פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט מיינט: אונדזער היים!

פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט קלינגט אַזוי גרויס!
פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס מיינט שוין: יעקבס הויז!

פינף אותיות אין וואָרט —
אַלטע צייכנס פון תנ״ך —
האָבן אונדז געלויכטן העל
אין דער לאַנגער וואַנדער-נאַכט.

פינף אותיות אין וואָרט —
און דאָס וואָרט מיינט: מאָרגן-שיַין —
נאָך דער שווארצער גלות-נאַכט,
פאַר אַ נײַעם טאָג פון זײַן!

# כנרת

כ'האָב דיך היינט, כנרת, באַרירט מיט מיינע פינגער! —
און כ'האָב דערשפּירט: די אייביקייט פּליסט דאָ, צווישן זיי!
און יינגער זיך דערפילט: צוויי טויזנט יאָרן יינגער.
אַז איך בין היינט פון דיין שוים געבוירן פון דאָס ניי.

אַז איך בין און בלייב אַ טראָפּן אין דיין בלייביקייט.
אַ זעמדעלע, אין גרויען זאַמד, ביי דיין בלויען ברעג. —
כ'האָב געטונקען מיינע פינגער היינט אין אייביקייט —
און די טראָפּנס אייביקייט פון זיי אַראָפּגעלעקט.

אָקטאָבער 1969

# דאָ וועלן מיר שבת האַלטן!

דאָ וועלן מיר שוין אונדזער שבת האַלטן!
דאָ וועלן מיר אויך וואַכן אין דער וואָכן! —
מיר האָבן אונדזער וואַנדערשטאָק דעם אַלטן
צום לעצטן מאָל אין חיפהער פּאָרט צעבראָכן...

און דאָ צום לעצטן מאָל די וואַנדער־פליגל
דעם צה״ל שוין אָנפאַרטרויט מיט גלויבן:
אַז טויבן וועלן איבער קראָען זיגן —
ביז די קראָ וועט נעסטן מיט די טויבן.

דאָ וועלן מיר שוין אונדזער שבת האַלטן!
דאָ וועלן מיר פאַרשבתן די וואָכן! —
מיר האָבן אונדזער וואַנדערשטאָק דעם אַלטן
צום לעצטן מאָל אין חיפהער פּאָרט צעבראָכן...

יאַנואַר 1970

# מײַן געצעלט

כ׳האָב מײַן פענצטער צום טאָגן געבויט —
האָט זיך טאָגן אין פענצטער צעבלויט...
כ׳האָב מײַן פענצטער צום טאָגן געבויט.

כ׳האָב מײַן טיר צו דער שקיעה געמאַכט —
האָט די שקיעה אין טיר זיך פאַרטראַכט...
כ׳האָב מײַן טיר צו דער שקיעה געמאַכט.

כ׳האָב מײַן דאַך צו דעם הימל געשטעלט —
האָבן פייגל פון דאַך זיך צעטרעלט...
כ׳האָב מײַן דאַך צו דעם הימל געשטעלט.

פון בלוי און פאַרטראַכט און צעטרעלט —
בוי איך און בוי מײַן געצעלט...
פון בלוי און פאַרטראַכט און צעטרעלט.

יוני 1975

# נייע וואָרצלען

(נײַע קאַפּיטלעך צו מײַן אויטאָביאָגראַפֿישער פּאָעמע „וואָרצלען", אין בוך „פֿון מײַן לײַב־און־לעבן", דער־שינען אין 1972)

# דער נס פון שבת

(פון מײַן אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע „וואָרצלען")

געשען איז דאָס זומער, אַ שבת גאַנצפרי:
דער טאַטע איז צום דאָרפישן מנין אַוועק.
די מאַמע פאַרלאַטעט דעם שבת אין שטוב,
דעם טיש מיט אַ לײַוונטן טישטעך באַדעקט.

אַ טיש מיטן יחוס פון שנײַדערשן צעך:
מיט קאַרבן און קריצן פון אײַזן און שער.
מיט אַש און מיט לעכער פון קויל אויסגעברענט —
דאָך איז אים אויך שבת-מנוחה באַשערט.

בלויז וואָכעדיק טומלען, מיר קינדער, אין שטוב —
(גוט, וואָס דער טאַטע איז אין מנין אַצינד!
ער האַלט זייער שטאַרק פון דעם מלכּם פאַרזאָג:
נישט אויסצומײַדן די רוט פונעם קינד...)

די מאַמע פאָלגט אויס בלויז איר אייגן געבאָט:
(זי איז מיט די מלכים נישט צו פיל באַקאַנט.)
די ליבע צום קינד פליסט אַרויס פון איר האַרץ —
און נישט פון קיין רוט און אויך נישט פון איר האַנט...

בעט זיך די מאַמע בײַ אונדז וויפל מאָל:
גייט קינדערלעך שפּילן אינדרויסן אַרויס.
דאָ פּלאָנטערט איר נעבעך זיך אונטער די פיס;
קליין איז די כאַטקע און דער דרויסן איז גרויס.

זי בליקט דורכן אָפענעם שײַבל צום טײַך.
צום ברייטן, געלגאָלדיקן, זאַמדיקן שליאַך.
זי הערט אין צעבראָכענעם שײַבל זיך אײַן
צום גאָרגלען פון באָטשאָן בײַ אונדז אויפן דאַך.

***

אַ שמאָלס איז דאָס טײַכל, נאָר שטראָמיק און קלאָר.
און ס׳יאָגן זיך כוואַליעס, ווי קינדער אין שפּיל;
זיי טראָגן זיך אָן מיט געפּילדער און רעש —
און ווערן צעשטויבט אויפֿן ראָד פֿון דער מיל.

לאָזן, מיר קינדער, אַפּ שיפֿלעך אין טײַך:
סטראָסטענעס, שפּענדלעך, אין געווירבל פֿון ראָד.
און ס׳ווערט יעדער שפּענדל אין קינדערשן בליק —
אַ שיף צו אַ ווײַטער, פֿאַרכישופֿטער שטאָט.

פֿאַרשפּילן מיר, גליקלעכע קינדער, די צײַט.
און ס׳שפּילן די כוואַליעס, די שטיפֿערס, מיט אונדז:
און איטלעכע כוואַליע אין שטראָמיקן טײַך —
וויל ווײַזן איר אייגענע גבורה, איר קונץ.

עס שטעלט זיך איין כוואַליע אין טײַך קאָפּאַראָפּ.
אַ צווייטע פֿאַרטאַיעט זיך, טובלט זיך פֿרום.
אַ דריטע יאָגט אָן זיך מיט רוגזה אויף מיר —
און כאַפּט מיך מיט שטראָמיקע אָרעמס אַרום...

***

ווי לאַנג איז אין דעם? — אַ יאָר זיבעציק שוין.
(כ׳האָב דאָן נאָך קיין גאַנצע דרײַ יאָר נישט דערגרייכט.)
און ווייטיקלעך־שאַרף איך געדענק נאָך די שרעק,
ווען כ׳האָב פֿאַר מײַן לעבן געקעמפּט מיטן טײַך.

אָט, גיט מיך איין כוואַליע אַ שטעל אויף די פֿיס.
אַן אַנדערע שלעפּט מיך אַראָפּ אויפֿן שליים.
שלמה, מײַן ברודערל, ערשט פֿינף יאָר אַלט —
לויפֿט גיך מיט דער פֿינצטערער בשורה אַהיים.

דער טײַך וואָלט אַוודאי געווונען דעם קאַמף.
ער וואָלט אין זײַן זשום מיך אויף אייביק פֿאַרוויגט,
ווען מנשה — קוים עלטער מיט פֿיר יאָר פֿון מיר —
וואָלט דעמאָלט די כוואַליעס נישט איבערגעקליגט...

וואָס ווײַטער געשעט האָב איך מער נישט געשפּירט.
כ׳האָב שפּעטער אין טאַטנס בעט זיך דערזען.
די מאַמע דאַנקט, שלוכצנדיק, אַפּ פֿאַרן נס.
דאָס קליינוואַרג איז מיר נאָך מקנא געווען...

איז וואָס, אַז מען טרינקט זיך אין טײַכל אַ מאָל.
דערפֿאַר דאַרף דער טאַטע מיך האַלטן אין בעט?
דערציילן פֿאַר יעדן די זאַך אַקוראַט:
ווי ס'האָט מיך אין וואַסער געצויגן דער שד.

נאָר בײַגעשטאַנען איז מיר פֿון שבת דער נס.
עס האָבן די אָבות געמיט זיך פֿאַר מיר.
גאַנצפֿרי איז דער טאַטע אין שטעטל אַוועק,
איבערצוקוקן די מזוזה פֿון טיר.

פֿון שטעטל געבערענגט האָט דער טאַטע אַהיים:
אַ נײַע מזוזה מיט „שדי" באַשיצט —
און פֿײַערלעך זי אָנגעשלאָגן אין טיר.
די טיר מיט אַ הילצערנעם ריגל פֿאַרריטשט...

אַפּריל 1974

# יזכור

כ'האָב נישט געקענט מײַנע זיידעס, נישט מײַנע באָבעס:
איך בין שוין דער צוועלפטער געווען פאַר מײַן וויגל.
די דרײַצנטע געווען איז מײַן שוועסטערל דאָבע. —
מיט איר האָט מײַן מאַמע דעם טראַכט שוין פאַרזיגלט.

כ'האָב אויך נישט געקענט אַלע ברידער און שוועסטער:
גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט גענומען...
און איך — פון זיי אַלע, כמעט, שוין דער לעצטער —
בין דאָ זייער זכר דערמאָנען געקומען.

איך ווייס נישט אַפילו די נעמען פון אַלע.
ס'איז לאַנג פון די קברים נישטאָ שוין קיין סימן. —
בין איך הײַנט בלחש פאַר אַלע מתפלל —
און כ'טראָג זיי אויף שטענדיק פאַרקברט אין דימיון.

ס'איז אפשר דערפאַר מיר דאָס לעבן געגעבן:
איך זאָל זיי דערמאָנען. איך זאָל זיי געדענקען.
צו זען אַרום מיר די נשמות אומשוועבן —
און געבן אַ תיקון צו זיי אין מײַן בענקען.

צו היטן דעם אייגענעם ספר-זכרונות —
געשריבן פון זייערע בייניקע פינגער.
די אייגענע מעלות — און אויך די חסרונות —
אין דער נישט-געזעענער קייט אַרײַנרינגלען.

ראש-השנה ה'תשל"ו

# דרײַ ביימער

מײַן ברודער מנשהן צו זײַנע 80 יאָר

דרײַ ביימער פון דעמבענעם וואַלד בײַ דעם בוג —
אַריבערגעוואָרצלט אויף ערדן אויף נײַע:
צום ברעג פון דעם האָדסאָן, צו דעם פּלאַטאַ־ברעג —
דעם דעמבענעם וואַלד דאָרט געלאָזט פֿאַרן פֿײַער...

דרײַ ביימער פון פּוילישן וואַלד בײַ דעם בוג —
אַריבערגעוואָרצלט צום האָדסאָן, צום פּלאַטאַ:
מיט זאַלציקע טרערן די וואָרצלען גענערט —
און ס'האָבן זיך צווײַגן מיט בלעטער צעפּלאַטערט.

און ס'האָבן זיך צווײַגן מיט בלעטער צעגרינט;
צעשפּראָצט זיך מיט וועלדלעך אויף זוניקע ברעגן —
מיט אייגענע וועלדלעך אין וועלדער־געבלי,
די וואָרצלען די יונגע — גענערט שוין מיט רעגן...

די אַלטע דרײַ ביימער פון יענער זײַט בוג —
זיי לאָזן שוין מידע די צווײַגן אַרונטער;
זיי ציִען די וואָרצלען צום נופל פֿאַרבענקט —
צום וואַרעמען נופל — אין אָנבליק פון ווינטער...

**
*

דרײַ ביימער פון דעמבענעם וואַלד בײַ דעם בוג —
אַריבערגעוואָרצלט אויף ערדן אויף נײַע:
צום ברעג פונעם פּלאַטאַ, צו דעם האָדסאָן־ברעג —
דעם אורוואַלד בײַם בוג — געלאָזט פֿאַרן פֿײַער...

**מערץ 1976**

# בײַם ראַנד פֿון פּלאַטאַ

מײַנע װאָרצלען שטעקן אין פּױלן.
מײַן שטאַם האָב איך דאָ שױן פֿאַרשטאַמט.
געקומען אַהער כ׳בין אין הױלן,
מיט חלום אין בליקן צעפֿלאַמט.

די צײַט האָט די הױלקײט באַבלעטערט.
די בלעטער אין גרינעם באַקרעלט.
בלױז חלום אין בליק — װי אַ בעטלער —
גײט נאַקעט אַרום אױף דער װעלט.

און איך גײ אים נאָך, װי אין כּישוף;
װוּ ער — דאָרטן אַנקערט מײַן טראָט.
ער פֿירט מיך פֿון ישוב צו ישוב,
אַ מאָל — פֿון אַ גאָט צו אַ גאָט...

נישט אײן מאָל די טריט מיר צעבראַנדקיט;
צעבלוטיקט אין לאַנגן געגײ:
געקלעטערט צום שפּיץ פֿון די אַנדן —
געבלענדט פֿון זײַן אײביקן שנײ.

געקרײצט דעם צעכװאַליעטן פּלאַטאַ —
מײַן מנוחה געזוכט בײַ זײַן ראַנד.
דער חלום — כאָטש אױך שױן פֿאַרמאַטערט —
פֿירט מיך נאָך אַלץ בײַ דער האַנט...

מאַרץ 1974

# וויגל־וויעגן

דאָס דעכל — פון שטרוי פון פאַרגעלטן.
די ווענטלעך — פון ליים אויסגעגרויט. —
דאָרט איז מײַן וויגל געהאָנגען.
דאָרט האָט מײַן הימל געבלויט.

איצט שיידן מיך אָפּ פון מײַן וויגל
פינף און זיבעציק זונשפרײַז;
דער אומוועג — פון בוג ביז דעם פּלאַטאַ;
דער לײַדוועג — פון קינד ביז אַ גרײַז.

דאָך זע איך נאָך הענגען מײַן וויגל,
צעוויגט, נאָר אָן קינדער־געוויין...
עס באָמבלט זיך אַלץ אויפן שטריקל
און ליוליט די ליידיקייט איין.

באַלד קומט עס צו מיר אויך פון ווײַטן
און וויגט זיך אַרײַן אין דער טיר. —
וויפל איך בענק צו מײַן וויגל —
בענקט אויך דאָס וויגל צו מיר.

קומט עס פון ווײַט צו דערוויגן
דעם זקן מיט קינדער־געמיט. —
און צו דעם טאַקט פונעם וויגן —
ברום איך אַליין צו אַ ליד.

יאַנואַר 1975

# מײַן טאַטע אין בעט

דאָס בעט איז געװעזן דער טראָן פֿון מײַן טאַטן.
דער טאַטע אין בעט — אַ קײסער אין שמאַטעס.

אַ מלכות-געשטאַלט פֿון אַ ביבלישער מעשה:
דאָס פּנים פֿון געלבלעכן װאַקס אױסגעמײַסטערט.

דער שטערן מיט קנײטשן פֿון דורות סבלנים.
אַ רבישע באָרד אױפֿן שנײַדערשן פּנים.
און װײַס איז די באָרד זײַנע — װײַסער פֿון קישן...
פֿון פּעדערנעס קישן מיט לאַטעס און ריסן.

די אױגן — פֿאַרטונקלטע — שטענדיק מיט ברילן.
דער קאָפּ — אַ פֿאַרהילטער אין טלית און תּפֿילין.

ער דאַװנט גאַטספּאַרכטיק אַרױס פֿון זכּרון
די הײליקע ברעקלעך, די פֿונקען פֿון דאָרן:

אַ פּיוט פֿון מחזור, אַ ברכה פֿון סידור —
פֿאַרדבקות מיט האַרציקע ייִדישע לידער.

אַמאָל — מיט אַ „שטיקעלע" ייִדיש טעאַטער. —
און שלאָפֿט דערנאָך אײַן, װי אַ קינד, אַ פֿאַרמאַטערטס...

יוני 1976

# אַן אַ מאַמע־טאָג

מאַמע מײַנע:
קײן אײן טאָג אין דײַן לעבן
איז נישט געװען דײַנער.

יעדן טאָג, יעדער שעה, יעדער רגע —
האָסטו אַװעקגעגעבן
פֿאַר אונדזערטװעגן —
פֿאַר דײַנע קינדער.

יעדער ביסברױט איז געװען אַ װוּנדער.
יעדער קלײד און שוך — אַ נס פֿון הימל.

ס'איז קײן אײן בלימל
אױף דײַן דאָרנפֿעלד נישט געװאַקסן.

אױף דײַנע הערקולעס־אַקסל
האָסטו דײַן װעלט געטראָגן שטאָלץ:

טײל מאָל — אַ בינטל האָלץ
דײַנע קינדער צו דערװאַרעמען.
אָפּצוקאָכן אַ לעפֿל װאַרעמס
פֿאַר אונדזערע לײדיקע מאָגנס.

טײל מאָל — אַ זעקל קאַרטאָפֿל געטראָגן
אױף די פּלײצעס.
אין פֿאַרטעך — אַ מעסטל װײצן.
קנאָבל אַ קרענצל.

אַ מיצװה־טענצל,
אַ געזאַנג —
איז געװען דײַן באַלאַדענער גאַנג,
דײַן שװערער —
דײַנע קינדער צו דערנערן.
זײער הונגער צו פֿאַריאָגן.

מאַמע מײַנע:
װען איך װאָלט דײַנע
פֿאַריאָגטע,
אָפּגעטאָגטע

טעג געקענט אױפֿטאָגן —
װאָלט איך יעדן טאָג, יעדער רגע
פֿאַר דײַנעטװעגן —
אַ מאַמע־טאָג געגרײט.
איך װאָלט מײַן האַרץ געשפּרײט
אונטער דײַנע באָרװעסע טריט.

איך װאָלט אײנאונאײנציק ליד
בלױז פֿאַר דיר אױסגעפּיבערט:
דאָס ליד פֿון מאַמע־ליבע.

מאַמע־טאָג 1975

# יצירה

געהילט אין די בלוילעכע נעפּלען פון ציַיטן,
קומט אָן באַגינען פון קאָסמישע וויַיטן.

פאַרפאָרט ער זיך ברייטלעך אין זוניקן וואָגן,
גליַיך צו מיַין פענצטער, גוטמאָרגן מיר זאָגן.

מיר, דעם בן־אָדם — דעם קאָסמישן שטויבל.
האָב איך פאַרחידושט מיַין בליק אויפגעהויבן.

ווי אָדם־הראשון, אין שעה פון באַשאַפן —
גענומען אויף מעשה־בראשית זיך גאַפן.

געגאַפט, ווי עס וואָלט זיך פון זוניקע מיַילן,
דער ערשטער באַגינען גענומען אויסשיילן.

ווי ס׳וואָלט פונעם כאַאָס אליין — די יצירה —
צעעפנט פאַר מיר היַינט די קאָסמישע טירן.

האָט זיך פון זונליכט מיַין בליק אַזש צעפינטלט —
און האָט דעם אין־סוף אין זיך איַינגעפינקלט.

און איך האָב די אויגן פאַרמאַכט, אַז באַגינען —
זאָל פון צעפינקלטן בליק נישט אויסרינען...

סעפּטעמבער 1975

# די זון זינגט ייִדיש

די זון שטראַלט אויס הייסע, גינגאָלדענע סטראָפן
אויף פּאַרמעטן בלויע, אָן אָנהייב, אָן סוף.

גינגאָלדענע סטראָפן אויף פּאַרמעטן בלויע —
ניי־אויסגעמײַסטערט פון תוהו־ובוהו.

רונד־אויסגעצירקלט מיט אותיות־פלאַמען,
אויף ברייטע יריעות, און גראַמיקע צאַמען.

שטראַלט אויס די זון אירע גאָלדענע סטראָפן —
פון מיזרח ביז מערב, פון דרום ביז צפון.

ביז איך, דער בן־אָדם — דער שטויב פון יצירה —
שפּאַר זי אַרײַן אין מײַן ייִדישער שירה.

אין סדומישן בעטל פון ייִדישע טראָפן:
זאָל זי אויך וואַנדער אין ייִדיש באַשאַפן...

מײַ 1976

# מײַן כּי טוב

װען איך עפֿן פֿענצטער, טיר —
קומט אַרײַן די װעלט צו מיר.

שלײַכט אַרײַן זיך אומבאַמערקט
מיט איר גאַנצן מײַסטער־װערק.

מיט די הימלישע חילות:
זון, לבֿנה, און מזלות.

מיט צעפֿינקלטע גאַלאַקסן. —
ביז מײַן הויז נעמט זיך צעװאַקסן.

װערט אַלץ גרעסער־גרעסער־גרויס —
װערט אַ װעלט מײַן אײגן הויז...

נאָך אַ װעלט אין דעם אין־סוף. —
און איך זאָג אַלײן: כּי טוב!

מײַ 1976

# ווידער פרילינג

ס'טאָגט שוין פריִער, נאַכט ווערט שפּעטער.
ס'וויגן ווינטלעך זיך אויף בלעטער.

גרעזלעך גרינען, קנאָספּן שמייכלען.
און די לופט — גן־עדן־ריחות!

טײַכן שפּיגלען זיך אין בלוילעך.
ס'גלעט אַ מילדער שטראַל מיך פּרוילעך.

טוליעט צו מײַן הויט זיך צערטלעך. —
בריִען אויף די ליפּן ווערטער.

נעמט זיך וואָרט מיט וואָרט פֿאַררינגען —
הייבט אַ שורה אָן צו זינגען.

פֿילן קלאַנגען אָן מײַן אויער. —
הייבט אויך אָן מײַן קאָפּ, דער גרויער,

ווידער בלענדיק־בליאַנד זיך מיניען,
ווי אין שפּראָץ פֿון מײַן באַגינען.

סעפּטעמבער 1975

# פּאָעזיע־צאַפּל

איך ברי נאָך אַלץ אוים מײַנע לידער,
ווי ס׳בריט אוים אַ קוואָקע די אייער:
מיט אַלע צעפּעדערטע גלידער,
מיט הייליקן זקנישן פײַער.

ס׳איז אמת: מײַן פײַער ברענט קילער,
אָבער נאָך נישט אויסגעלאָשן;
מײַן פּען טראָפּט באַדאַכטער און שטילער,
מיט שקיעהדיק־יִדישן לשון.

דאָך בין איך מיך אַלע מאָל טובל
פאַר יעדן פּאָעזיע־חידוש,
כאָטש כ׳ווײס, אַז אויף אויערן טויבע
פאַלט שווין מײַן ניגון אין יִדיש.

אַז אונטערגעזעגט איז דער שטאַפּל,
וואָס שטײַגט צו דעם מענטש איבער תהומות.
מײַן ליד — אַ פּאָעזיע־צאַפּל.
אַ קדיש נאָך דרייסטע חלומות...

יאַנואַר 1976

# מיר...

חנקען

אַ טרוקן וואָרט אין דער גראַמאַטיק — דו.
אָבער ווען דאָס וואָרט מיינט דיך — מיינט עס — רו.

שבתדיקע רו און קידוש־ווײַן;
פון די שבת־ליכט — די פרומע שײַן.

אַ מערצאָל־וואָרט אין דער גראַמאַטיק — מיר.
אַז דער מיר איז דו און איך — איז — שיר.

שיר — מיט אַלטע צייכנס פון תנ"ך;
שיר — אויף ייִדיש־קודשדיקער שפּראַך...

אָקטאָבער 1974

# ווײַב־מאַמע־קינד

**מײַן חנקען צו די 55 יאָר**

גאַר אָן אויפֿהער פֿליסט דײַן װאַרעמקײט צו מיר ;
די װאַרעמקײט פֿון װײַב, פֿון מאַמע און פֿון קינד.
און װער קען זאָגן, װוּ ס׳איז די געהײמע טיר,
פֿון האַרץ, װאָס פֿירט צו האַרץ, אין ליבע־לאַבירינט ?

און אָפֿן איז די טיר — װען אױך פֿאַרמאַכטערהײט...
און פֿאַרהאַקט אױף זיבן שלעסער קעגן צוגװינט.
אין דער העכסטער גאָב : אין די צען מאָס צערטלעכקײט —
פֿליסט דײַן טראָפֿן צאַרטקײט — מײַן װײַב, מײַן מאַמע־קינד !

2טער יוני 1974

# בלומען

בלומען זייען דײַנע טריט. —
שפּראָצן בלומען נאָך דײַן גאַנג.
קלײַב איך בלומען אין מײַן קויש —
און פֿאַרקראַנץ זיי אין געזאַנג.

טוי קרישטאָלט זיך אין דײַן בליק
און באַזאַפּטיקט אונדזער ליד. —
טריפֿן טראָפּנס טוי־קרישטאָל
אין דעם כּוס פֿון מײַן געמיט.

פֿילן אָן מײַן קידוש־כּוס:
פֿאַר לחיים יעדער שעה.
פֿאַר דערפֿילן דיך אין מיר.
פֿאַר דעם גליק, וואָס דו ביסט דאָ.

28סטער פעברואַר 1973

# שבת

רב שלמה וויל פֿאַרשבתן די וואָך מיטן כוח פֿון הבדלה־בעכער.
דער נעמעראָווער פּליט העכער
פֿון די שטעטלשע וואָכעדיקע השגות.
טביהן בייגן נישט קיין שום איוב־פּלאָגן,
ווײַל שבת רוט אין זײַן האַרצן.
בינימין וויל דעם סמבטיון שוואַרצן —
און ברענגען דעם שבת אויף שטעטלשע שוועלן.
פּאַן טאַדעוש וויל דעם שבת אײַנקנעלן
אונטער דאָרפֿישע סטרעכעס.
זשאַן קריסטאָף לאָזט נישט פֿאַרשוועכן
דעם שבת אין זײַן געמיט. —
אַלע גאָרן נאָך שבת: ייִד און נישט־ייִד.

ווער עס וואַרט אויף שבת און ווער עס גייט אים אַקעגן:
דער בעל שם טוב האָט אים באַגעגנט
אויף די קאַרפּאַטן־הויכן.
דער ווילנער גאון — אין תוכן,
בײַם טובלען זיך אין געדאַנקען־טיפֿן.
זשול ווערן — אין זײַנע פֿאַנטאַסטישע שיפֿן,
וואָס זענען וואָר געוואָרן.
הירש לעקערט — אין זײַן אויסגעשאָסענעם צאָרן
אויף די ווילנער געסלעך, די קרומע —
פֿאַרן כבוד פֿון זײַן קלאַס און זײַן אומה.

און יעדער זוכט דעם שבת אויף זײַן שטייגער:
לענין איז אים מקבל געווען אויף די סיבירער טײַגעס.
„פּאָטיאָמקין" — בײַם אָדעסער האַפֿן.
ספּאַרטאַק — בײַם וואָפֿנקלאַנג פֿון די שקלאַפֿן.
דער טויבער בעטהאָווען — אין קיניגרײַך פֿון קלאַנגען.
שאַגאַל — אין פֿאַרב־געזאַנגען.

דער בלינדער האָמער — אין דער ליכטיקער איליאַדע.
יהודה הלוי — אין די פאַרבענקטע ים־באַלאַדן. —
אַלע גאַרן נאָך שבת, ווי טרוקן פעלד נאָך רעגן!
איינער איז דער שבת און פאַרשידן צו אים די וועגן...

# אַז אַ פֿויגל פֿליט פֿאַרבײַ

אַז אַ פֿויגל פֿליט פֿאַרבײַ —
פֿליט מיט אים זײַן שאָטן מיט.
וואָס זשע בלײַבט פֿון פֿויגלס פֿלי? —
בלײַבט אַ בענקשאַפֿט אין געמיט

בלײַבט נאָך לאַנג זײַן פֿליגלפֿאָך.
זײַן צעתפֿילהטער: טשי־ריק!
און זײַן הויכער, פֿרײַער פֿלי —
אינעם שפּיגל פֿון מײַן בליק.

טו איך תּפֿילה שטילערהייט
צו די פֿייגל אינעם שוועבן:
ווען מײַן טריט וועט ווערן שווער —
זאָלן זיי מיר פֿליגל געבן...

מערץ 1976

# בענטש מיך

מאַמע מײַנע, טײַערע מאַמע!
בענטש מיך: אַז מײַנע אָרעמע גראַמען
זאָלן אין קאָרענעם ברויט זײַן געראָטן,
ווי דו האָסט דאָס מאַמעשע האַרץ אײַנגעקנאָטן.

און זאָלן די ווערטער אין דײַן זונס געזאַנגען
זײַן, ווי דײַן ברויט אויף דער באַנק, אויף דער לאַנגער,
צעשטעלט אין אַ וואָרעמער שורה, אַ גלײַכער,
און זאָלן דערקוויקן מיט קאָרענע ריחות.

און בענטש מיך: מײַן ליד זאָל באַטעמט זײַן דעם לייענער,
ווי דערמאָלט דאָס קאָרענע ברויט אויף די ציינער,
בײַ מיר און פאַרהונגערטע ברידער און שוועסטער.
און זײַן זאָל שוין אויך אונדזער הונגער — דער לעצטער.

נישט זײַן אָבער זאָלן שוין לעצטע די לידער
פון מײַנע צעזונגענע שוועסטער און ברידער —
פאַרקריצט אין דער קאָרענער שפּראַך: ייִדיש-קודש —
אין שײַן פון די יאָרצײַטן-ליכטלעך פון דורות.

סעפּטעמבער 1975

# באַרוישונג

באַרוישונג איז מיר אייגן,
ווי ווינטעלעך פֿאַר צווייַגן.
ווי שושקען זיך פֿאַרביימער.
ווי שווייַגן פֿאַר די שטיינער.

באַרוישונג קומט פֿון טיפֿן;
זי זעגלט מייַנע שיפֿן
אויף די אָקעאַנען.
זי שוימט אין מייַנע גראַמען.

באַרוישונג ווערט נישט עלטער:
זי וואַרעמט אין די קעלטן.
זי איז דער ווייַן אין לאָגלען.
מיראַזשן אין מייַן וואָגלען.

זי איז די פֿאַרב אין בליִען.
די פֿליגל פֿאַרן פֿליִען.
די קראַפֿט אין שמשונס לאָקן.
די קינדישקייט אין זקן.

סעפּטעמבער 1975

# אָן אַ דאַך

אַז די וועלט איז אָן אַ דאַך —
רעגנט אין דער וועלט אַרײַן.
ווערט אַ בלאָטע אויפֿן שליאַך —
מוז מען אין דער בלאָטע גיין.

גייען, גייען, יונג און אַלט —
יעדער האָט זײַן גאַנג, זײַן שעה.
יעדער גייט און יעדער פֿאַלט —
און קיין עצה איז נישטאָ.

אויך די וועלט — אַז ווײַ־און־ווינד —
זי, די מאַמע־וועלט אַליין —
קריכט אין בלאָטע, ווי אַ קינד,
אַ פֿאַרשטויסנס פֿון דער היים...

יוני 1976

# פלעמלעד

דעם שניי האָב איך איבערגעלאָזט
בײַם פּלויט — מיט די קינדערשע יאָרן.
אַ פענצטער פאַרקאָוועט אין פראָסט —
קרישטאָלט זיך נאָך הײַנט אין זכרון.

און זומער געלאָזט אין דער היים:
אַ שוואַלבן־פּאָר אונטער די סטרעכעס,
אַ דיל פון אַ גרווילעכן ליים,
אַ באָטשאַן — אין נעסט אויפן דעכל.

פון דאָרט בלויז דעם חלום אין בליק
האָב איך אין מײַן וואַנדער גענומען.
עס האָט נישט מײַן חלום באַגליקט —
דאָך האָט ער זיך ווײַטער געשפונען.

ער האָט בלויז געביטן און בײַט:
די פלעמלעך, די פאַטאַ מאָרגאַנאַס,
וואָס לאָקן דעם טרוימער פון ווײַט,
צום ערגעץ — וואָס איז נישט פאַראַנען...

יולי 1976

# איך און די פייגל

כ׳האָב מײַן הויז אויפגעבויט מיט ווענט און אַ דאַך:
דאָס הויז איז פאַר מיר און דער דאַך פאַר די פייגל.
ס׳האָט שלמה המלך געקענט יעדער שפּראַך —
פאַר מיר איז גענוג בלויז די שפּראַך פון די פייגל.

איך בין מיט די פייגל אין שותפות שוין לאַנג —
און זאָל אונדזער שותפות וואָס לענגער געדײַען!
פאַר זיי איז מײַן דאַך און פאַר מיר דאָס געזאַנג —
די ברעקלעך פון פייגלישן טיש, די שיריים...

כ׳האָב מײַן הויז אויפגעבויט מיט פענצטער צום גאַס —
קוקט אַרײַן אין מײַן שויב די רויז און דער דאָרן...
און גאָר דער אין-סוף קומט אין פענצטער צו גאַסט —
באַגלייט פון צעטרילעטע פייגלישע כאָרן.

אויגוסט 1976

# „פּלאַסאַ אָנסע“

„פּלאַסאַ אָנסע“: אויף דײַנע צעלאָמטע בענק
האָב איך מײַנע גרינע װײַען אויסגעקרענקט.

אויסגעטרערט מײַן היים־בענקשאַפט, מײַנע באַגערן:
צום שטעטלשן שינדלדאַך זיך אומצוקערן.

צום קאַרגן, פּאַסנעם שטיקל ברויט און קאַרטאָפל.
צו דער מאַמעס פאַרשטיקטן זיפצן און האָפן.

צום טאַטנס קרעכצן און שטאַמלענדיקן טרייסטן,
מיט אַ הייליקן פּסוק — אָפט אַ פאַרגרײַזטן.

עס האָבן זינט דעמאָלט שוין יאָרן פאַרצאַפּלט.
איך האָב צווישן פאַלן און אויפשטיין געשטאַפּלט...

איך האָב שוין צוויי דורות פאַרזייט דורך די יאָרן.
ס'איז אויך „פּלאַסאַ אָנסע“ מער יחסן געוואָרן:

עס הודזשען און ווימלען אַרום איר די גאַסן.
עס קרייצן דורך באַנען זיך אונטער דער פּלאַסע.

דאָ האָט ריוואַדאַוויאַ פאַרטרויט זײַנע ביינער —
פון שטיינערנעם קבר דאָס אָרט צו באַשיינען.

ס'האָט אַלץ מיט דער צײַט שוין געביטן דעם אויסזען,
בלויז ער — ווינד־און־ווײ — אין צעריסענע הויזן,

בלויז ער גאַפּעט אַלץ נאָך פאַרשטאַרט אויף די בענק
און בײַט אוים מײַן חלום פון היים — אויף אַ שענק...

סעפּטעמבער 1976

# אַז אַ שטערן פאַלט...

אַ שטערן האָט אַ פאַל געטאָן פון אויבן —
אויך אַ שטערן קען אַ יורד זײַן...
נאָר אין זײַן פאַלן האָט ער זיך דערהויבן:
און די נאַכט געשפּאָלטן מיט זײַן שײַן.

געלאָזט נאָך זיך אַ שטערן־סליאַד צעפינקלט —
פון די זיבן הימלען ביז דער ערד.
דאָס מזל פון אַ שטערן: אויך אין זינקען —
איז אַ וועג אים אויסשטראַלן באַשערט...

אַ שטערן האָט די נאַכט אַדורכגעבויערט —
און צום לעצטן מאָל די נאַכט באַשטראַלט.

***

וואָס זשע איז מײַן געמיט אַזוי באַטרויערט —
ווען אַ שטערן פונעם הימל פאַלט?...

אויגוסט 1974

# אַז מײַן טעכטערל שלאָפֿט אײַן

אַז מײַן טעכטערל שלאָפֿט אײַן —
שלאָפֿט די גאַנצע שטאָט מיט איר:
שלאָפֿן הײַזער, שטיל און שאַ,
שלאָפֿט אין יעדער הויז די טיר.

שלאָפֿן פֿענצטער מידע אײַן,
מאַכן זיך די לאָדנס צו. —
אַז מײַן טעכטערל שלאָפֿט אײַן —
שלאָפֿט די גאַנצע שטאָט אין רו.

נאָר די שטערן אין דער הייך
האַלטן זײערע אויגן וואַך —
און מײַן טעכטערל פֿון בײז
היטן זײ אַ גאַנצע נאַכט.

# זון מײַנער

די שול זי איז פֿרעמד מיר געווען, מײַן זון.
און פֿרעמד אויך די שפּראַך פֿון די ביכער און לידער:
מײַן שול איז דער חדר דער אַלטער געווען,
דאָס איינציקע בוך — דער אַלטיטשקער סידור.

און שווער איז אין חדר דאָס קנעלן געווען:
אַן שפּיל, אַן געזאַנג און נישט איין מאָל אָן עסן.
אויף צאָלן שכר־לימוד פֿלעגט טייל מאָל, מײַן זון,
דײַן באָבע די מעשענע לײַכטער פֿאַרזעצן.

דאָס צאָלן שכר־לימוד פֿלעגט אָפֿט מאָל בײַ נאַכט
דײַן גלוביקן זיידן דעם שלאָף אָוועקרויבן.
און איך האָב די בײדע גערירשנט, מײַן זון:
דעם ביטערן דלות, דעם ליכטיקן גלויבן.

און איך האָב דעם גלויבן מיט טרערן געזייט
אויף פֿעלדער, אויף נײַע — איצט שנײַד איך אין פֿריידן:
אַ ליכטיקע שול מיט שפּיל און געזאַנג
צאָל איך דיר, זון מײַנער, אָפּ פֿאַר מײַן חדר.

# אַלע דרײַ

די מאַמע טראָגט איר מיידעלע,
דאָס מיידעלע — איר ליאַלקע,
די ליאַלקע טראָגט אַ קליידעלע,
אַ שיינס, ווי אַ בת־מלכה.

אויפגעניייט פון רויטן סאַמעט,
אויסגעהעפט מיט קרעלן.
קוועלט דאָס קינד און ס׳קוועלט די מאַמע —
אַלע־ביידע קוועלן.

די מאַמע קוועלט פון טעכטערל,
דאָס קינד קוועלט פון דער ליאַלקע.
און מיט אַ דין געלעכטערל
פאַרוויגט זי איר בת־מלכה:

לו־לו — קלינגט איר קעלעכל.
שלאָף אײַן אין זיסן דרימל,
שענק איך דיר דאָס טעלערל,
דאָס גילדענע פון הימל.

מיט צעפלאַמטע בעקעלעך
זי טוט איר ליאַלקע וויגן.
איר שטימע — זילבער־גלעקעלעך,
האָניק־זיס איר ניגון.

מײַ 1974

# קלוג זענען ביכער

מוזיק — מיכל געלבאַרט

קלוג זײַנען ביכער,
זיי ווייסן אַ סך. —
לערנט אײַך, קינדער,
פון ביכער די שפּראַך.

ווערט מיט די ביכער —
מיט קלוגע — באַקאַנט;
גיט נאָר די בלעטער
אַ מיש מיט דער האַנט.

מישט־אויף אַ בלעטל,
אַ זײַט נאָך אַ זײַט:
הערט ווי זיי ריידן
מיט מענטשלעכע רייד.

זעט, ווי עס פינקלען
געדאַנקען פון דאָרט.
און ס׳קלינגט אַזוי היימיש
דאָס ייִדישע וואָרט...

# זעט אַ ווינטער!

זעט אַ ווינטער, קוקט אים אָנעט! —
אָן אַ שליטעלע, אָן שנייען;
נאָר דערפֿאַר ברענגט ער מתנות,
אַז דער קאָפּ קען זיך פֿאַרדרייען:

פֿיבער־פֿײַער אין די בליקן.
אויגן שווימען אום אין טרערן. —
הלוואי אַזעלכע גליקן
נאָר אויף אַלע ווײַסע בערן.

זאָלן זיי אין קאַלטן צפֿון,
צוגעדעקט מיט פּוכן־שנייען,
זיך געזונטערהייט דאָרט שלאָפֿן —
ביז דער ווײַסער האָן וועט קרייען.

נאָר אַהער, אין דרום־קאַנטן —
נישט דערוועגן זיך צו לאָזן!
דאָ איז גוט בלויז פֿאַר העלפֿאַנטן
און פֿאַר שרעקעוודיקע האָזן.

פֿאַר פֿעטבײַכלדיקע ביקעס,
און פֿאַר ווילדע, פֿלינקע פּומאַס.
מוחל זיי די ווײַסע גליקן —
לאָזט פֿאַר אונדז דעם גרינעם זומער.

יוני 1975

# טוט די זון אַ שמייכל

ס'האַלט זיך קוים דער ווינטער
אויף די פּיס שוין איַין.
ס'בלענדט אים אין די אויגן
צו פיל פרילינגס-שיַין.

איז אים שווער צו ווינטערן
מיט אַזוי פיל ליכט.
נעמט ער שוואַרצע כמאַרעס —
הילט איַין דאָס געזיכט.

שיקט אַרויס דער פרילינג
שטיפער-ווינטלעך גליַיך,
ריַיסן אויף די כמאַרעס,
גיסן זיי אין טיַיך.

טוט די זון אַ שמייכל
צו דער ערד אַראָפּ.
אין צעשטראָמטע טיַיכן
צוואָגט זי אויס איר קאָפּ.

בליַיבט דער ווינטער נאַקעט,
ציטערט אַזש פאַר קעלט —
לאָזט זיך אויף זיַין וואַנדער
אין דער וויַיטער וועלט.

שיקט אים מיט דער פרילינג
אויף זיַין וויַיטן פאַר:
אַ געזעגן-שמייכל —
ביז דעם צווייטן יאָר.

אויגוסט 1975

# שו־שו־שו...

כ׳האָב אַ שיפל מיר געמאַכט,
אויסגעחלומט איבער נאַכט —
עס זאָל שווימען אין איין ווײַל,
גאַנצע הונדערט טויזנט מײַל.

קומט אַ ווינטל אָן פון ווו
און עס שושקעט: שו־שו־שו:
זאָג מיר נאָר צו וועלכן פּאָרט —
ברענג איך גלײַך דײַן שיפל דאָרט.

ענטפער איך דעם ווינטל־ווינט:
טרײַב מײַן שיפעלע געשווינד
צו דעם ווײַטן מאָרגן־ברעג,
וווּ די זון איז אָן אַ פלעק.

וווּ דער הימל שטענדיק בלויט.
וווּ דאָס פעלד איז פול מיט ברויט.
און די טײַכן — פול מיט פיש —
צו דער זעט פון יעדן טיש.

פיר מײַן שיפעלע אַהין:
וווּ די ערד איז שטענדיק גרין.
וווּ ס׳האָט יעדער קינד זײַן בעט
און אַ ווייכן מאַמע־גלעט.

פיר מײַן שיפעלע דאָרט, פיר:
צו דעם לאַנד, וווּ יעדער טיר
עפנט זיך פאַר יעדן מענטש —
מיט אַ ברכה: זײַ געבענטשט!

יולי 1975

# ווײַל אַ באָבע איז אַזוי

דאָס ליד איז פילמירט געוואָרן אין דעם פילם „מיר קומען אָן" פון דער „מעדעם"־סאַנאַטאָריע אין פוילן, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די באָבע קרעכצט. — ווען קרעכצט זי נישט?
הײַנט — ווײַל ס'טוט איר ווי דער קריזש.
נעכטן האָט זי געקרעכצט פאַר דאָס,
ווײַל איך האָב מיר צעקלאַפּט די נאָז.
פעלט איר הײַנט אַ ביסל זאָרגן —
באָרגט זי אויס אַ קרעכץ פאַר מאָרגן...
מײנסטנס קרעכצט זי איבער מיר:
אוי, ווי האַלט מען אויס פון דיר!
ס'איז נישט קיין קינד, נאָר אַ שד
און גאַנץ פרי, איך ליג אין בעט —
קושט זי מיך, גלעט זי מיך
און גיט אַ קרעכצל, שטיל אין זיך...
קום איך פון דער שול צו גיין,
איז: מיר זאָל זײַן פאַר דײַן געביין!
וויל איך מיך צעזינגען הויך,
קרעכצט זי ווידער: שפּאַלטסט דעם מוח!
וויין איך, איז אוודאי — אוי!
דער תכשיט מאַכט מיך אַלט און גרוי!
קרעכצט די באָבע בײַ יעדער זאַך:
פאַר וואָס איך וויין, פאַר וואָס איך לאַך.
פאַר וואָס איך טאַנץ, פאַר וואָס איך לויף;
פאַר וואָס איך שטיי גאַנץ פרי נישט אויף.
און גלאַט אַ קרעכצל: ווי און אוי! —
ווײַל אַ באָבע איז אַזוי...

# דאָס ברייטעלע

דער טאַטע האָט אַ ברייטעלע
אין שטוב אַרײַן געבראַכט:
איינס נאָר איז דאָס ברייטעלע
און מײַלעכלעך אַ סך.

טיילט די מאַמע ס׳ברייטעלע —
פאַרגעסט אין קיינעם נישט:
איינעם גיט זי ס׳רעפטעלע,
דעם צווייטן פון דער מיט.

פאַרן סאַמע פּיצעלע,
וואָס האָט נאָך נישט קיין ציין —
איז געננוג פון ברייטעלע
די סקאָרינקע אַליין...

אַזוי־אָ האָט דאָס ברייטעלע
די מאַמע אײַנגעטיילט —
קנאַקן אַלע ציינדעלעך
און טאַנצן אַזש פאַר פרייד.

קנאַקן אַלע ציינדעלעך,
נאָר: כאַ־כאַ־כאַ! — ווי שיין:
ס׳האָט די גוטע מאַמעניו
פאַרגעסן — — — זיך אַליין...

# DOS BROYTELE

Words by
S. WASSERMAN

Music Adapted by
SIDOR BELARSKY

Moderato

Der ta - te hot a broy - te - le in shti - be - le ge - brakht;

Iz dos broy - te - le nor eyns un may - ler ze - nen akht.

Git di ma - me dos broy - te - le oyf shti - ke - lekh a shnit,

Ey - nem git zi

s'ref - te - le a tsvey - tn fun der mit.

Un fa - rn sa - me

*ppp*

pi - tse - le vos hot nokh nit keyn tseyn, iz ge - nug fun

broy - te - le di sko - rin - ke a - leyn. Un a - zoy hot di

# אַ פֿאָלק אָן קייטן

אַ מעשה, אַן אַלטע, פֿון טויזנטער יאָרן,
דערציי‌ל איך דיר, זון מײַנער, הײַנט פֿון דאָס נײַ,
ווי אונדזער שטאַם, אונדזער פֿאָלק איז געוואָרן
פֿון אוראַלטע היטלערס — פֿון פּרעהס באַפֿרײַט:

עס האָבן די פּרעהס דאָס לעבן פֿאַרשוואַרצט אונדז,
די טעג אונדז פֿאַרביטערט, דעם גלויבן געשענדט,
דאָך האָט נישט דער שונא די ליבע אין האַרצן,
דעם גלויבן אין פֿרײַהייט פֿאַרשוואַרצן געקענט.

און ס'האָבן די קנעכט צו אַ פֿאָלק זיך דערהויבן!
און משה געווען איז פֿון פֿרײַהייט דער פֿלאַם.
עס האָט אין דער מדבר צעבליט זיך דער גלויבן,
דער ווילן צו פֿרײַהייט — געשפּאָלטן דעם ים...

און ווידער פֿאַר פֿרײַהייט די ימים צו שפּאַלטן,
מדבריות צו קרייצן מײַן פֿאָלק איז הײַנט גרייט!
עס וועט קיין שום פּרעה אין קייטן נישט האַלטן
אַ פֿאָלק, וואָס האָט איין מאָל צעריסן די קייט!

# הימל־מעשׂות

פלעכטן זאַנגען זיך די צעפּלעך
און זיי שאָקלען מיט די קעפּלעך:

וויפל גליק איז דאָ אין וואַקסן
מיטן זונגאָלד אויף די אַקסלען!

מיטן זונזאַפּט אין די גלידער —
זינגען זאַנגען זונען־לידער.

שמייכלט צו די זון פון אויבן:
ווער בין איך דאָס — מיך צו לויבן?

איך בין בלויז אַ פּײַער־פליגל
אין דעם גאַנצן קאָסמאָס־עיגול.

בלאָנקען וואָלקנס אום און שטוינען:
זענען אָן אַ סוף די רוימען?

אָן והיען, אָן והיהן —
הוילע ליידיקייט אָן דנאָען?

לאַכן ווײַסע הימל־בערן,
ווינקען מיט מיליאָסן שטערן:

רוימען האָבן נישט קיין סופן. —
ס'איז אָן אַלף־בית אָן תיון...

אָן אַ תיו און אָן אָן אַלף —
שימערן גאַלאַקסן־כוואַליעס.

ס'איז אַ מעשה אין אַ מעשה —
אָן סוף־פּסוק, אָן בראשית.

נאָוועמבער 1975

# דאָס אומפאַרמײַדלעכע דאַנקוואָרט

אין יענע גוטע צײַטן, ווען קאָמערציעלע פאַרלאַגן פלעגן אַרויסגעבן ייִדישע ביכער האָבן מחברים פון אַרויסגעגעבענע ביכער נישט געהאַט וועמען און פאַר וואָס צו דאַנקען. אָבער פון זינט ייִדישע ביכער ווערן אַרויסגעגעבן דורך פּריוואַטע איניציאַטיוו: דורך פאָנדן, אינסטיטוציעס און אינדיווידועלע בײַשטײַערערס, פילט זיך דער מחבר פאַר אַ בעל־חוב צו די אַרויסגעבערס.

„צאָלט“ ער אָפּ זײַן חוב דורך אויסדריקן, ווײַניקסטנס, אַ דאַנק און אָנערקענונג פאַרן גוטן ווילן. פאַר נעמען אונטערפירעכץ פון אַרויסגעגעבענעם בוך.

און דאָס בין איך איצט אויס מיט מײַנע פּאָר שורות:

קודם־כל — מײַן דאַנק דעם „שפרה סטאַראָשעווסקי־פאָנד“ אין מאָנטעווידעאָ און דעם גרינדער פון פאָנד, שלום סטאַראָשעווסקי, דעם טאַטע פון דער יונג־פאַרשטאָרבענער שפרה ע״ה, פאַר זײַן פּרײַווויליקן אָנבאָט פון פאָנד. אַ דאַנק דעם קולטור־צענטער „רינגעלבלום־וואַרשע“ אין בוענאָס־אײַרעס, וואָס ווײַזט אַרויס גוטן ווילן שוין בײַ מײַן 2טן בוך. אַ דאַנק אַלע, וואָס לייגן צו אַ האַנט פול צו מאַכן דעם פאָנד פאַרן בוך.

איך רעכן דאָ נישט אויס זייערע נעמען, אָבער איין אויסנאַם וועל איך מאַכן און דערמאָנען זײַן נאָמען, פאַר זײַן גרענעצלאָזער און התלהבות־דיקער מיטאַרבעט אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך — דאָס איז דער חבר בצלאל זאַלצמאַן.

הלוואי אַ סך אַזעלכע ענטוזיאַסטן וואָלט נאָך דאָס אַרויסגעבן אַ ייִדיש בוך געהאַט אַן אַנדער פּנים.

און צום סוף — אַ האַרציקן דאַנק דעם מאָלער גדליה טענענבוים פאַר דער פּאַסיקער הילע, וואָס ער האָט געצייכנט צום בוך.

דער מחבר

## דערשינענע ביכער פון זעלבן מחבר:

קינד און קייט — — — — — — — — — — — — — — 1936

שוועלבעלעך — — — — — — — — — — — — — — 1938

דאָבעלע — — — — — — — — — — — — — — — — 1940

ליד און לעבן — — — — — — — — — — — — — — 1951

צום מענטש — — — — — — — — — — — — — — 1962

פון מײַן לײַב און לעבן — — — — — — — — — — — 1972

ווינטער־בלומען — — — — — — — — — — — — — 1976

# תוכן:



## ווינטער־בלומען



## אויף ליטעראַרישע קבר־אָבות

## מ יי ן



## נייע וואָרצלען



## מיין פענצטער

## פריילינג־בלימעלעך

SZNEIER WASERMAN

# VINTER-BLUMEN
# FLORES DE INVIERNO

Poesías



Buenos Aires
1 9 7 6